ש. פרוג.

# אויסגעוויילטע שריפטן.





פארלאג „ביליקע ביכער" ריגע.
1928.

# אנשטאט א הקדמה.

שמעון שמואל פרוג׳ס דיכטערישער טאלאַנט האָט זיך אַנטפּלעקט, האָט אופגעבליצט פּונקט אין דער צייט, ווען צווישן די רוסישע אידן האָט דערוואַכט, אופגעלעבט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל. דאָס איז געווען אַ בליץ פאַר דעם גרויסן דונער — די ערשטע פּאגראמען אין דרום־רוסלאַנד. אין דער צייט פון יאוש, פּעסימיזם, אַלגעמיינער אַנטוישונג, ווען דער פּאָגראָם־דונער האָט צעקלאַפּט און צעמישט פיל רואיקע אידישע קעפּ, האָט זיך באַוויזן דער לאַנג־דערווארטער אידישער פּאָעט — ש. ש. פרוג. און זיך באַוויזן ניט אבי ווי, נאָר פרישׁ, מונטער, שטאַרק, עכט. ש. ש. פרוג איז געוואָרן דער פרישער און קלאָרער קוואַל פאַר דער דורשטיקער, צעווייטיקטער און מיד־געוואָרענער אידישער נשמה, דער יעניקער קוואַל, פון וועלכן שטראָמען פון מוט, האָפנונג און אמונה אין בעסערע צייטן, זייַנען געפלאָסן אין די הערצער פון זיינע פאַרצווייפלטע, אומגליקלעכע און שוואַכע ברידער. די מאַסע האָט אים אַף אַמאָל ליב באַקומען. זיינע שירים זיינען פאָלקס־לידער געוואָרן; מאַמעס האָבן עס באַ דער קינדס־וויגעלע אָנגעהויבן זינגען און דערציילן זייערע קינדער וועגן דעם גליקלעכן עבר, טרויעריקן הוה און ליכטיקן עתיד...

און אָט אַזוי איז ש. ש. פרוג געוואָרן איינער פון אונזערע גרעסטע און בעסטע פאָלקס-דיכטער.

ש. ש. פרוג — און נישט קיין אַנדערער!..

* * *

ש. ש. פרוג איז דער ראָמאַנטיקער פון עבר. מיט זיין טיפן פּאָעטישן געפיל האָט ער באַקלאָגט און באַזונגען זיין פאָלק און זיין פאַרגאַנגנהייט, מיט זיין פּאָעטישן כישוף־פּענזל — געמאָלן מיט די העלסטע און שטאַרקסטע פאַרבן בילדער און געשטאַלטן פון אונזערע אַלטע צייטן, לעבעדיק געמאַכט פאַרמעט־געלע און אויסגעטריקנטע לעגענדן און מעשיות פון אַמאָליקע דורות...

אָבער נישט נאָר דער טרוימער און שילדערער פון עבר איז געווען ש. ש. פרוג. נישט מיט זיסע, איינשלעפערנדע חלומות און פוסטע, נעפלדיקע פאַנטאַזיעס איז ש. ש. פרוג געווען אויסן צו שטילן דעם המון. ש. ש. פרוג איז אויך געווען דער יעניקער, וועלכער האָט, ווי שוין געזאָגט, אַריינגעהויכט לעבן, מוט, האָפנונג און אמונה אין די צעבראָכענע הערצער פון זיינע אומגליקלעכע ברידער. ער איז געווען דער יעניקער, וועלכער האָט מיט אַ פאַקל אין דער האַנט באַלויכטן די טיפע

פאָלקס־פינסטערניש, געוועקט און מיט שאַלנדע קולות גערופן די מאַסע צום קאַמף פאַר בעסערע צייטן, פאַר אַ ליכטיקערן עתיד. ער איז ווי אַ נביא געקומען צו אונז, אונז געטרייסט, געשטאַרקט, געזייט דעם ליכטיקן שטראַל דאָרט, וואו קיינער האָט אים נאָך ניט געמערקט.

און זיין צאָרן, זיין שמאַרץ איז ניט געווען קיין געמאַכטער, קיין געקינצלטער. עס איז געווען דער אייביקער שמאַרץ פון אַ געפּייניקט, געדריקט און צעטראָטן פאָלק. זיין האָפנונג, זיין גלויבן אין בעסערע צייטן איז דעריבער געווען אַן עכטע, האָט אַרויסגעשטראָמט פון די טיפסטע טיפענישן פון דער צעוויייטיקטער נשמה זיינער. אָט דאָס איז בקיצור די כאַראַקטעריסטיק פון ש. ש. פרוג — דעם נאַציאָנאַלן פּאָעט און פאָלקס־דיכטער.

* * *

אין דער דאָזיקער זאַמלונג פון ש. פרוגס ווערק, וועט דער לייענער נישט געפינען קיין פולע אויסגאַבע פון זיינע ווערק. די פולע אויסגאַבן פון די קלאַסיקער, וועלכע אַנטהאַלטן געוויינלעך אַ פּילזייטיקן, אפשר פאַר זיך ווערטפולן, אָבער פאַר דעם ברייטן עולם ניט אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל, זיינען טייער און שוין צוליב דעם אַליין ניט צוגייגלעך פאַר דעם ברייטן עולם.

זייענדיק איבערצייגט, אַז די אידישע קלאַסיקער זיינען די, וועמען מען דאַרף ס׳רוב פאַרשפּרייטן צווישן דעם ברייטן אידישן עולם, האָט דער פאַרלאַג „ביליקע ביכער" באַשלאָסן אַריינצונעמען אין דער דאָזיקער אויסגאַבע די יעניקע ווערק, וועלכע בילדן, אַזוי צו זאָגן, די קווינט־עסענץ, דעם תמצית פון דער אינטערעסאַנטער און פּילפאַרביקער פערזענלעכקייט פון דער אידישער פּאָעזיע — ש. פרוג. אין דעם דאָזיקן באַנד פון פאַרלאַג „ביליקע ביכער" ווערלן דעריבער די לעזער געפינען בלויז די אויסגעצייכנטע, אויסגעקליבענע, כאַראַקטעריסטישע, ווי אויך צוגייגלעכסטע ווערק פון אונזער קלאַסיקער ש. פרוג, מיט דער כונה, אַז דער ברייטער אידישער עולם זאָל אָט די ווערק זיך קענען איינשאַפן און דורך זיי לייענען, פאַרשטיין און ליב באַקומען די אידישע ליטעראַטור.

בן — אבא.

# ביאָגראַפיע פון ש׳ ש׳ פרוג׳

שמעון שמואל פרוג איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1860 (תרכ״א) אין באָב־ראוויקוט׳—אַ אידישער ערד־אַרבעטער־קאָלאָניע אין כערסאָנער גובערניע. זיין פאָטער, משה־צבי, איז געווען אַ פראָסטער, ערלעכער, אָרימער קאָלאָניסט.

דער פרישער ערד־געריך, דער געזונטער פעלד־ריח, די שיינע נאַטור האָט אַף דעם יונגן פרוג געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. פרוג איז געווען איינער פון די ווייניקע אידישע קינדער, קומעדיקע שרייבער, וואָס האָבן פון קינדערווייז אוף איינגע־זאַפּט אין זיך די שיינקייט פון דער נאַטור און געפילט און געקענט די נאַטור ניט פון באַשרייבונגען פון ביכער, נאָר פון אייגענעם נאָענטן באַריר מיט איר אין משך פון זיין גאַנצער קינדהייט און יוגנט. פרוג איז אויך שפּעטער געבליבן, אין אַ געוויסער מדרגה, אַ פרייער קינד פון דער פעלד־ און וואַלד־נאַטור, כאָטש דאָס שווערע לעבן פון אַ אידישן דיכטער האָט אָן אַ צייט צעקנייטשט און צערונצלט זיין דיכטער־שטערן, געבויגן זיינע שולטערן און געבראָכן זיין גאַנצן גוף...

דער קליינער פרוג האָט, ווי אַלע אידישע קינדער אין דער קאָלאָניע, גע־לערנט אין חדר, וועלכן ער האָט שפּעטער אַזוי מייסטערהאַפט באַשריבן אין פאַר־שיידענע פון זיינע שירים.

אין דעם יאָר 1869 איז פרוג אַלס 9-יאָריקער אינגל אָנגעקומען אין דער דאָרף־שולע, וואו ער האָט פאַרבראַכט 3 יאָר און זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן רוסיש, ווי אויך אַביסל רעכענען. צו 12 יאָר האָט פרוג פאַרענדיקט די דאָרף־שולע און גלייכצייטיק אויך זיין אָפיציעלע בילדונג. אָבער פרוגס דורשט נאָך בילדונג האָט זיך ערשט דאַן אָנגעהויבן. ער האָט פאָרגעזעצט צו לייענען, צו לערנען זיך אַליין, אָן דער הילף פון לערער, אַזוי ווי הונדערטער און טויזנטער אַנדערע אידישע קינדער פון יענער צייט.

די קאָלאָניע איז אָבער געווען צו איינג פאַר פרוגן. אים האָט געצויגן אין דער ברייטער וועלט אַריין און ווען ער איז אַלט געוואָרן 16 יאָר האָט ער זיך אַ „לאָז־געטאָן” קיין כערסאָן, וואו דער קאַזיאָנער רב האָט אים צוגענומען אין זיין „קאַנצעליאַריע” אַלס „שרייבער” צו פירן די מעטריקע־ביכער. אין דער דאָזיקער „קאַנצעליאַריע” האָט זיך פרוג באַקענט מיט פאַרשיידענע אידישע טיפּן און מיט דעם אידישן לעבן בכלל. דאָס אַלץ איז אים שפּעטער צונוץ געקומען אַלס מאַטע־

ריאַל פאַר אַ גאַנצע ריי הומאָריסטישע און סאַטירישע לידער, אין וועלכע ער שילדערט דאָס אידישע לעבן.

די וועלט־ליטעראַטור און קונסט־געשיכטע ווייס אסך צו דערציילן, ווי אָפט דער שעפער־קינסטלער לערנט זיך בײַ דעם איינפאַכן בעל־מלאכה. דעם דאָזיקן נסיון איז בייגעשטאַנען אויך פרוג. אין כערסאָן האָט זיך פרוג באַקענט מיט אַ קריסט־לעכן באַאַמטן, וועלכער איז געווען דער קאָרעקטאָר פון „גובערנסקיאַ וועדאָמאָסטי" און קאָרעספּאָדענט פון די אָדעסער רוסישע צייטונגען. און דער דאָזיקער זייער ווייניק געבילדעטער טינטלער האָט געוועקט אין פרוגן זיין דיכטער־טאַלאַנט, אים געלערנט ווי מען „מאַכט" לידער. פרוג האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער אין רוסיש. דאָס ערשטע ליד זיינס איז דערשינען אין וואָכענטלעכן אידיש־רוסישן זשורנאַל „ראַזסוועט" אין 1880 יאָר. דאָס ליד האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, אַז דער יונגער דיכטער איז באַלד געשטאַנען אין צענטר פון דער אויפמערקזאַמקייט פון דער אידיש-רוסישער אינטעליגענץ. שוין אין יאָר 1881 ווערט פרוג איינגעלאַדן קיין פעטערבורג, וואו די דאָרטיקע אינטעליגענץ האָט אויסגעווירקט בײַ דער רעגירונג „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" פאַרן יונגן פּאָעט. אין פעטערבורג הויבט פרוג אָן מיטצו־אַרבעטן אין אַ ריי אידיש־רוסישע אויסגאַבן און ווערט גיך בארימט.

אין יאָר 1881 קומען פאָר די ערשטע אידישע פּאָגראָמען אין דרום-רוסלאַנד און באַלד נאָכדעם פאַרשפּרייט זיך צווישן די אידן אין רוסלאַנד א ברייטע כוואַליע פון נאַציאָנאַלער דערוואַכונג. די אַלטע שטרעבונג צו אַסימילירן זיך, צוצופּאַסן זיך צו דער אַרומיקער קולטור און צו פאַרלאָזן די אייגענע, האָט געמוזט אָפּטרעטן דעם אָרט פאַר נאַציאָנאַלע שטימונגען. די דאָזיקע אַנטוויקלונג מאַכט דורך אויך פרוג. זיינע רוסישע לידער פון יענער צייט זיינען דורכגעדרונגען מיט אַן אינטענסיוון נאַציאָנאַלן געפיל.

אַלס אידישער דיכטער הויבט אָבער פרוג אָן צו האָבן אַ באַדייטונג ערשט דאַן, ווען ער הויבט אָן — און מיט אַ גרויס דערפאָלג — צו שרייבן אין אידיש. ער נעמט אַן אָנטייל אין אַזוינע אויסגאַבן, ווי דאָס «אידישע פאָלקס־בלאַט», «הויז־פריינט», «אידישע פאָלקס־ביבליאָטעק», «יוד» און שפּעטער אויך אין דער ערשטער מאָדערנער אידישער צייטונג «דער פריינד», וואו ער שרייבט לידער און פעליעטאָ־נען, אָפּרופנדיק זיך אַף פאַרשיידענע דערשיינונגען אינם אידישן לעבן.

פרוג איז זיין גאַנצן ווייטערדיקן לעבן כמעט כסדר אָפּגעווען אין פעטער־בורג, הגם ער האָט ניט איינמאָל געליטן אַ היפּש ביסל צרות צוליב דער «פּראַוואָ־זשיטעלסטוואָ». די לעצטע יאָרן איז דער טעמפּ פון פרוגס שאַפן געוואָרן שוואַ־כער. צוליב פרנסה איז פרוג געוואָרן אַ צייטונגס-אַרבעטער און פרוג — דער דיכטער האָט דורכדעם ווי פאַרלאָרן אַ שטיק פון זיין קראַפט און גלאַנץ.

ער איז געשטאָרבן אין פעטערבורג אין 1916 יאָר, אַפן 56־סטן יאָר פון זיין לעבן.

---

# לעגענדעס.

## דעם שמש׳ס טאכטער.

(א פאלקס־לעגענדע)

1.

שטיל און פינסטער איז געווען
אין דעם אלטן איינגן שטיבל,
וואו געלעגן און געשלאפן
איז דער אלטער גרויער שמש.

שטיל און רואיק שלאפט דער שמש,
און אין שלאף דערהערט ער עפעס
שווערע טריט ווי פון א קרומען,
ועלכער גייט ארום אף קוליעס.

און דערשראקן און פארוואונדערט
כאפט זיך אויף פון שלאף דער שמש,
ער צינדט אן דאס אלטע לעמפל —
און וואס זעט ער? — גאט, דו ליבער!

ער דערזעט: פון וואנט צו וואנט
גייט ארום אליין זיין שטעקן...
אוי, דאס איז א שלעכטער סמן —
אז א גוסס איז אין שטעטל...

אין דעם אויגנבליק דערהערט ער
שרייט זיין טאכטער: „גיבער, טאטע,
וועק דעם עולם! אונזער רבי,
אונזער רבי איז פארביי!"

2.

נאך בא נאכט פון שטוב צו שטוב
גייט און קלאפט דער אלטער שמש...
אבער וואס איז דאס מיט דבורה׳ן,
מיט דעם אלטן שמש׳ס טאכטער?

דבורה זיצט באַם טיש, און הייסע
טרערן קאפן פון די אויגן;
ביטער וויינט זי, וויינט און שעפטשעט:
„אך, דער רבי איז פארביי!..

הייל אים, העלף אים, גאט דו ליבער!"..
היים און ערנסט ווי א טאכטער
האט פון קינדהייט ליב דעם אלטן,
קראנקן רבי די יונגע דבורה;

ווייל דער אלטער מורה־צדק
האט דאס קינד אויך ליב געהאט
ווי אן אייגענע: פלעגט רופן
אלע שבת זי אין איינעם

מיטן שמש ברכה מאכן,
האט זי אויסגעלע־רנט דאווענען,
אויך געלערנט שרייבן, לעזן;
ליבלעך זאגנדיק דערביי:

„לערן, דבורקע, לערן, טאכטער,
און דו וועסט איה״ש
ווערן גרויס און קלוג בא אידן,
גלייך מיט דבורה די נביאה"...

און זי זיצט באם טיש, און הייסע
טרערן טריפן פון די אויגן;
ביטער וויינט זי, וויינט און שעפטשעט:
„הייל אים, העלף אים, ליבער גאָט!"...

3.

אין בית=מדרש שטייט דער עולם,
גרויס און קליין געקומען אלע
תהלים זאגן; וויינען, בעטן
צו דעם בורא... נאר ער העלפט נישט.

שוין פון וואקס א ליכט א גרויסע,
אקוראַט די מאָס פון קראנקן,
אויסגעגאסן אין תכריכים
אנגעטאן און, ווי דער מנהג

איז בא אידן פון פארצייטן,
זי באגראבן אין א קבר
ווי א בר=מנן... עס העלפט ניט,
אלץ געפרואווט און אלץ אומזיסט...

אמת, איינס נאר איז געבליבן,
איינס נאר: יעדער פון דעם עולם
זאל אוועקשיינקען א חלק
פון זיין לעבן פאר דעם חולה —

מענער, ווייבער, קינדער, זקנים,
ווער א טאָג און ווער א חודש —
דאס פארשרייבט מען אף א צעטל
און פארשליסט אין ארון=קודש...

4.

אז צום אלטן שמש׳ס שטיבל
איז מען מיט דעם כתב געקומען,
האט זיין טאכטער די גבאים
אפגעשטעלט, און שטיל און רואיק

זיי געזאגט: „פארשרייבט, איך בעט אייך".
וויפיל, דבורה, שיינקסטו? -- וויפיל?

—„ אך, מיין גאנצעס, גאנצעס לעבן!..
יא, פארשרייבט — איך שיינק אוועק

אים מיין גאנצעס לעבן!" — דבורה,
האבן זיי זי אנגעהויבן
אפצורייִדן; נאריש קינד,
„ווי געשיקט זיך?"... אבער אלע

טענות האבן ניט געהאלפן,
ניט געהאלפן האבן דא
אויך דעם אלטן טאטנס בעטן,
זיינע רייד און זיינע טרערן.

און פארשריבן האבן זיי
מיט איר חתימה אין דעם צעטל,
ווי זי האט פון זיי געפאָדערט:
„דבורה שיינקט איר גאנצעס לעבן".

און בשעת דער שליח
האט דעם כתב אין שול געבראַכט
און פארשלאָסן אים אין ארון,
אין דעם זעלבן אויגנבליק

איז דער חולה אופגעשטאַנען
ווידער פריש, געזונט און יונג;
און די אומגליקלעכע דבורה
— דאס אומשולדיק ריינעם קינד —

איז דעם זעלבן טאג געקומען
אין איר רו... דער אלטער טאטע
האט זי ערנסט, היים באוויינט
און געזאגט דעם ערשטן קדיש.

אף איר הערלעכע לויה
איז געוועז דער גאנצער עולם

און געווינשט פֿון פּולן האַרצן
איר אַ ליכטיקן גן־עדן...

5.

שטיל און רואיק גייט די צייט
אין דעם קליינעם, שטילן שטעטל;
מענטשן לעבן, האָבן קינדער,
קינדער — ווערן יונגע לייט,

וואַקסן, ווערן אַלט און שטאַרבן.
אויף דעם אַלטן בית־הקברות
זיינען דאָ פֿיל נייע קברים...
וואָס־זשע מאַכט דער אַלטער רבֿ?

דאַנקען גאָט, ער לעבט אין פֿרידן
לערנט תּורה, פּסקנט שאלות,
און געדיינקט דאָס ליבע קינד:
ער געדיינקט די טויטע דבורה,

ער פֿאַרגעסט ניט יעדן יאָר־צייט
קויפֿן ליכט און זאָגן קדיש,
און אַזוי גייט שטיל און רואיק
טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר.

6.

טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
גייען פֿאַר, ער ווערט ניט עלטער,
אָבער טרויעריק ניט זעלטן
זעט ער אויס; דערציילט ניט קיינעם

וואָס ער פֿילט און וואָס ער טראַכט.
און עס ווייסט פֿון דעם נישט קיינער,
אַז בײַנאַכט בשעת ער
זיצט און לערנט, ווי געוויינלעך,

הערט זיך אים א פרויען־שטימע.
זיסע לידער, ליבע לידער
קלינגען, פליסן פון דערווייטן,
און פאר זיינע אלטע אויגן

שטייט א בילד... אך, ער דערקענט,
ער דערקענט דאס זיסע פנים
פון זיין תלמידקע — פון דבורה'ן,
און ער בעט זי: „זיי מיר מוחל!

זיי מיר מוחל, ליבע טאָכטער,
וואס דורך מיר ביסטו געגאַנגען
פון דער וועלט... ווען דו וואָלסט לעבן
וואלסטו איצט געווען א כלה"...

7.

טאָג נאך טאג און יאר נאך יאר
גייען פאר, און איינמאָל הערט ער
א געשריי פון א יולדת...
און ער וויינט, באגיסט מיט טרערן

די גמרא... „— זיי מיר מוחל! —
בעט דער זקן — ליבע דבורה,
אז דו וואלסט געבליבן לעבן,
וואלסטו איצט געווען א מוטער"...

און אזוי אויך יעדע נאכט
הערט זיך אים איר יונגע שטימע —
זיסע, ליבע וויגע־לידער
זינגט באנאַכט די טויטע מוטער...

8.

דרייצן יאר גייט פאר... ער הערט
ווי איר זון, שוין א בר־מצוה,

זאגט א גרויסע, שיינע דרשה...
„— ער וואלט זיין א גרויסער למדן,

— טראכט דער רב — און וויפיל פרייד
וואלט געהאט פון אים די מאַמע!״
ווייטער הערט ער — כלי־זמר שפילן:
פידלען, טאצן און קלארנעטן

קלינגען, זינגען, פון דערווייטן...
„זי מאכט חתונה א טאָכטער —
טראַכט דער אלטער — צו דער חופּה
פירט זי איצט די טויטע מאַמע״...

9.

און פון דעמאָלט אָן טאג־טעגלעך
הערט און פילט און זעט דער זקן
יעדן צושטאנד פון איר לעבן.
און ער וויינט מיט הייסע טרערן

און ער בעט דעם בורא־עולם:
„— גיב מיר, גאט, איך זאל דערהערן
איר געוויין, איר ביטער זיפצן,
אירע טרערן זאל איך זען —

כאָטש די איינציקע נחמה
זאל איך האבן, אז אין לעבן
וואלט זי אויך געליטן צרות,
וואלט זי אומגליק אויך געפילט

און עס וואלט בא איר געוועזן
כאָטש איין־איינציקע מינוט,
ווען זי וואלט די וועלט פארשאלטן
און געוואונשן זיך דעם טויט!״...

10.

נאָר אומזיסט איז זיין בקשה:
זיסע לידער, ליבע לידער,
הערט ער זינגען אין דער פינסטער,
גליקלעך וואלט געווען איר לעבן —

יענעס שטילעס פרויען־לעבן,
וועלכעס גלענצט ניט ווי די זון,
נאר עס שיינט אין ווינט און וואלקן
ווי דער העלער מארגן־שטערן...

און עס גיסן זיך און גיסן
זיינע טרערן טעג און יאָרן.
„— ליבער גאָט! — איז ער מתפלל —
טו מיט מיר דיין גרויס גענאָד,

אך, באַפריי, באַפריי מיין אלטע,
מיין פאַריאָמערטע נשמה;
שטאַרבן, שטארבן העלף מיר גיכער,
ליבער פאָטער, גרויסער גאָט!"...

11.

טאג נאך טאג און יאר נאך יאר
גייען פאר. דאס קליינע שטעטל
איז שוין לאנג א שטאָט געווארן,
א באַקאנטע, רייכע שטאָט.

הונדערט מענטשן, צענדליק זקנים,
וועלכע ער געדיינקט אלס קינדער,
ליגן שוין אף דעם בית־עלמין;
ער נאר איינער לעבט און לעבט.

נייע צייטן, נייע מענטשן,
נייער לעבן און מנהגים;

פרעמד און איבריק, ווילד און עלנד
איז דער זקן צווישן זיי.

מונקל זיינען זיינע אויגן,
אויסגעדאַרט דער גאנצער קערפּער,
און ער קלאגט צום בורא־עולם,
חיינט און בעט אף זיך דעם טויט...

12.

איין געדאנק און איין געפיל
איז דעם זקן נאר געבליבן:
שטארבן! שטארבן!.. און צולעצט
האט זיך גאט אף אים דערבארימט.

פינסטער איז געווען די נאַכט,
שרעקלעך האט גערוישט דער שטורם;
ווי א קינד געקלאגט געיאָמערט
האט די קאלטע, שווארצע נאַכט.

אפגעוואוינט שוין לאנג פון אלע
לעבנס־פריידן, לעבנס־שמערצן —
זיצט דער זקן אין בית־מדרש...
מיט אמאָל דערהערט זיך אים —

א געוויין, א קלאג פון קינדער...
פושקעס קלאפן, אין די גאסן
און מען זינגט „אל מלא רחמים“..
— „דאָס וואלט זי געשטארבן איצט!“

האט מיט פרייד געזאגט דער זקן —
— אוים, א סוף צו מיינע שמערצן!..
נעם מיך מיט, מיין ליבע דבורה,
אף די ריינע וואַרע וועלט“...

* * *

שטיל און רואיק האט באפרייט זיך
פון דעם קערפּער זיין נשמה...
און אף מארגן האט דער עולם
הייס און ערנסט אים באוויינט.

---

## דער גאלדענער שליסל.

(תלמודישע לעגענדע)

### I.

האסטיק, שרעקלעך רוישט דער שטורם,
בויגט און ברעכט די אלטע בוימער...
וויפיל צווייגן שוין צעבראכן!
וויפיל בלעטער אָפּגעריסן...

אין דעם רוישן, אין דעם ברומען
זיפצן, וויינען טויזנט קולות...
אך, מיין פֿאָלק, מיין פאלק, ווי שרעקלעך
איינג און פינסטער איז דיין וועג!

האסטיק, שרעקלעך רוישט דער שטורם,
און וואס ווייטער — העכער, שטארקער
הערט זיך מיר א קלאַנג פון קייטן...
וואס באַטייט דער ווילדער קלאַנג?

טויזנט קולות הער איך וויינען
אין דעם רוישן, אין דעם ברומען
און אַן אלטעס, זיסעס לידל
זינגט דער שטורמדיקער ווינט:

### II.

„—אין די אלטע, אלטע צייטן
איז געווען אַן אלטער קעניג;

גרויסע אוצרות, פיל עשירות
האט געהאט דער אלטער קעניג.

„גאנצע בערג פון גאלד און זילבער,
הויפן דימאַנטן און פערל
זיינען שוין פון לאנג געלעגן
אין זיין גרויסן, שטארקן פאַלאַץ.

„מיט א שטארקן שלאָס פארשלאסן
איז געווען די טיר פון פאלאץ,
מיט א שליסעלע א קליינעם
פלעגט זיך עפענען דער שלאָס.

„פון דעם בעסטן, ריינסטן גאָלד
איז געווען געמאכט דאס קליינע
שליסעלע, און זייער לייכט
איז געווען עס צו פארלירן;

„און כדי צו זיכער זיין
פאר די אוצרות — האט דער קעניג
צוגעפאסט דעם קליינעם שליסל
צו א גרויסער, שווערער קייט...״

אך, טא זאל־זשע רוישן, ברומען
ארום דיר דער ווינט, דער שטורם, —
לעב, מיין פאָלק! דו ביסט דער שליסל
צו דער אלטער קעניגס־טיר:

צו דער טיר, פון יענע גרויסע,
גרויסע אוצרות, וועלכע זיינען
בעסער, טייערער פון זילבער,
פון בריליאנטן און פון פערל —

צו דער טיר, פון יענע גרויסע
ליבע אוצרות, וועלכע הייסן:

„תורה, צדקה און אמונה...״
נאר כדי דו זאלסט, מיין פאלק,

אויביק ניט פארלארן ווערן
אף דער וועלט — האט דיך דער בורא
צוגעבונדן, צוגעקאוועט
צו א גרויסע, שווערע קייט...

צו א שווערע קייט פון צרות
האט דיך צוגעפאסט דער בורא:
„— גיי, מיין פאלק״ — האט ער געזאגט,
„לאז דער שטורם רוישן, ברומען,

דו מוזט לעבן, דו מוזט לעבן!...״
נו, טא גיי־זשע, גיי, ישראליק,
בויג דעם אלטן, קרומען רוקן,
שלעפ די גרויסע, שווערע קייט!..

## דער כוס. *)

„זאג מיר, מאמעשע, איך בעט דיך,
איז דאס אמת, וואס עס האט
מיר דערציילט דער אלטער זיידע,
אז אין הימל דארט פאר גאט
שטייט, כביכול, שטייט א בעכער,
און ווען מיר מוטשן זיך דא שווער,
האט דער גרויסער גאט רחמנות,
לאזט אין כוס אריין א טרער?״ —
— „אמת, קינד מיינס!״ — „זאג נאך, מאמע,
איז דאס אויבעט אמת זיכער,

*) דער דאזיקער שיר, באקאנט אונטערן נאמען „די לעגענ־דע וועגן כוס״ אדער „בעכער לעגענדע״ איז אנגעשריבן געווארן פון ש. פרוג אין רוסיש. צוליב איר שטארקער פאפולערקייט, ברייג־גען מיר די לעגענדע אין אידיש, אין דער איבערזעצונג פון י. ל. פרץ.

אז קומען דעמאָלט וועט משיח,
ווען פארפילט וועט זיין דער בעכער?״ —
„אמת!״ — און דאס קינד פארקלערט זיך,
וו׳ארט א רגע טרויעריק שטיל;
פרעגט דערנאכדעם: „ווען־זשע, מאמע,
וועט דער בעכער זיין שוין פול?״ —
און ער הייבט די בלויע אויגן
טרויעריק צו דער מוטער אוף;
„צי איז אָן א דנאָ דער בעכער,
וואס מיר ליידן אָן א סוף?
וואס מיר ליידן אוים אין גלות,
און דער כוס וויל פול נישט ווערן?
אפשר טריקענען דורך די יאָרן
אינם בעכער אוים די טרערן?״ —
און צערודערט בלייבט די מוטער
אפן פרומען קינד געבויגן;
און עס ציטערן די ברעמען
איבער טרויעריק — פייכטע אויגן;
און עס פאלן צוויי בריליאַנטן
אפן קינדס פארקלערטן שטערן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

גאט אין הימל, האב רחמנות,
נעם אין כוס אריין די טרערן!

---

# הומאריסטישע לידער.

## משיח׳ס צייטן.

### ער גייט.

אין בן דוד בא אלא בדור
שכלו זכאי או שכלו חיב.
(א גמרא)

„— מזל טוב אייך, ליבע ברידער!
הוליעט אידן, אן א שיעור!
אלע אדערן און גלידער
זינגען, פרייען זיך אין מיר...

וואס מיר עשו, ווער מיר המן,
וואו מיר אנגסטן, שרעק און לייד;
לויבט און דאנקט זיין ליבן נאָמען,
זינגט און טאנצט — משיח גייט!
יא, דער אמת׳ער, דער אלטער
גואל צדק, אין דער האנט
נישט קיין פאן — א שופר האלט ער,
בלאזט און רופט אין הייליק לאנד:
„— מלא חדוה, מלא דיצה,
קומט, רב איצע, קומט, רב פיצע,
גרייט זיך צו אין איין מעת־לעת
מיט דעם גאנצן פארגעניגן:
מיט די וויגן, מיט די ציגן,
מיטן פסחדיקן געפעס;
אלע פיינע, אלע וואוילע,
פרומע קינדער אף דער וועלט!...
הילכיק גייט די תקיעה־גדולה,
פריילעך שפרינגען וואלד און פעלד...
און אן עק דער סדרה בלק!״...

---

מיט די ווערטער, ווי א ווינט —
האסטיק, פליענדיק, געשווינד,
לויפט אריין צו מיר ישראל'יק,
מיינס א שטיקל שוועסטער=קינד;
טוט א וואָרף א גרויסן, דיקן
פּאַק גאזעטן אפן טיש:
—„ נאַ! ס'איז ממש זיך צו קוויקן —
ווארים, צאפלדיק און פריש;
יעדער נומער, יעדער בויגן,
יעדע שורה אין דעם פּאַק,
וועט דיר עפענען די אויגן.
לייען, ברודער... הא? — געשמאַק?...

---

טעלעגראמעס פליען — שרעקלעך! —
מארטיניקא בראָט און ברענט:
מענטשן, חיות, בוימער, ווינט
רייסט און ברעכט דער שטורם אף ברעקלעך;
און קרבנות שעכט דער טויט
צענדליק, טויזנטוויז טאג=טעגלעך...
ווי=זשע מיינסטו — איז עס מעגלעך —
פלוצים, פון דער העלער הויט?
גיי שוין, גיי, דערצייל מיר שמאכטעס;
נעם א דאך, א סטייג, א וואלד,
צינד זי אונטער — זידט עס, קאכט עס,
ברענט און פלאקערט — א געוואַלד!
אויך דאס זעלבע, אז מיר לעזן
„מארטיניקא איז פארברענט",
מעגסטו זיכער זיין — געוועזן
זיינען דארט יאנקעלס הענט:
מיט א שטאטשיק, א הבדלה
(צוגעדעקט זיי מיט דער פּאָלע)

קריכט ער צו באַנאַכט צום באַרג —
און עם ברענט!.. דו מיינסט — ס'איז קארג?..
ס'לייגט זיך דיר ניט אפן שכל?
קוקסט אין מויל מיר מיט א שמייכל.
הער: אן סליעדסטוועס! — א גאַזעט
ווייסט מסתמא וואס זי רעדט...
פון פּאַריז ביז ניקאָלאיעוו
און פון קאָוונא ביז אַלזשיר —
כלו חיב, כלו חיב,
כלו חיב — זיינען מיר!..

———

פון א גליק פון גאר א נייעם
הערט מען ריידן — גיי און שריי
צו דעם בורא חי וקים;
רציחות ווידער אין קיטאי,
א בהלה, א גערודער...
ווער? — דער „גרויסער קולאַק!" נעם
אבער טיפער, ליבער ברודער!
נעם מיט קאפּ דעם טעם פון דעם
יא, דער „קולאַק", אמת טאקע,
נאר דער עיקר פארט איז ער,
יאנקעל (זאל זיין אים א מכה!).
ווייל, פארשטייסטו, הארץ מיינס, ווער
שפּילט די חתונה די שיינע?
ווער פאַרקאָכט דארט דעם ירידי?
טשין=טשין=טשכי? א נײַם, — מאחינו!
און טשאן=טפו איז אויך א איד!"...
— א גע...מאכטער?
— „אדרבא,
ערנסט, פרום, פון שענסטן גראד,
א מיוחס און א גבאי
צוואנציק יאָר שוין אין חב"ד.

נעם דארט אלע קאָמאנדירן,
גענעראלן! און בסוד
האלטן און עקספּלאאטירן
ווער די טאקסע, ווער די באָד...
קוקסט אין מויל מיר מיט א שמייכל?
ס'לייגט זיך דיר ניט אפן שכל?
נאַר דו איינער! א גאַזעט
ווייסט מסתמא וואס זי רעדט...
און פון פעקין ביז פאטשאיעוו,
פון טיאַן־צזין ביז סאנדאמיר —
כלו חיב, כלו חיב,
כלו חיב — זיינען מיר?...

———

ערגעץ דארט, אין חוץ לארץ;
כ'ווייס — זאל זי'ן אין בוקארעשט,
אין גאלאץ, אין יאס, פלאיעשט —
האט אן אומגליק מיט א פריץ
זיך געטראפן: טיף פארטראכט
וועגן האבער, געדשטן, קארן —
איז ער רואיק זיך געפא־ן
אין א בריטשקעלע באנאכט.
אפן וועג, דארט, וואו אין בלאטע
שווימען גענז א גאנצע ראטע
און די זשאבעס זינגען כאר,
שטייט א בריקל. שוין א יאר
זעכציק, זיבציק אן ערך
קרום און פויל און אלט ווי תרח,
אן רעמאנט—און שטייט זיך פארט;
טרעשטשעט, טרייסלט זיך, נאר גאר ניט
אז אין ברירה, ווילסט ניט — פאר ניט.
און דער עולם גייט און פא־ט
אים אריבער זייע־ גערן;

היינט וואס האט מען דא צו קלערן?
אונזער פר׳ץ טוט א שמיץ
פארט ארוף און... ווי אַ בליץ,
ווי א פייל פון בויגן פליט ער
פונ׳ם בר׳קל קאפ אין דר׳ערד
מיט דער ב׳יטשקע, מיטן פערד
גלייך אין בלאָטע — נאס און שיטער,
קאלט און קלעפיק. נאך א גליק
וואס א פאסטוך איז געוועזן
אקוראט ניט ווייט פון בריק
און דעם פריץ מיט א שטריק
פון די זשאבעס אויסגעלע׳ן...
ווערט א סליעדסטוויע — ווער און וואס?
און פון וואנען, און פון וואס?
מען דערגייט: ווער? - יאנקעלן! קוילעט,
היינגט אים, שיסט. ער זאגט זיך אפ,
נאר עם העלפט ניט. הע׳ט מ׳ט קאפ:
— „ס׳איז בא אייך געווען דער מולד
יענעם אוונט?"
— יא.
— „אהא!
און בשעת קידוש לבנה
האסטו, ברודערקע, אזא
שפ׳ונג געטאן פאר גרוים כונה,
אז די היטל איז פון קאפ,
אף דער ע׳ד בא דיר אראפ!
וואס־זשע דארף מען לאנג דא ברייען?
ס׳איז דאך קלאר פאר אלט און יונג
אז די בריק איז פון דיין שפרונג
איינג׳פאלן — זאגט דער דין —
על כן, יאנקעלע באצאל,
וואס זי האט געקאסט אמאל,

כאטש פארמשכן באיד און פאות"...
קלונ, איא? אי קלונ, אי גוט,
א פסק=דין לכל הדעות:
אין רומעניען א סוד
ווייסט מסתמא וואס ער טוט!
פון מצרים און ביז קראיעווו,
פון בארדיטשעוו ביז קאיר —
כלו חיב, כלו חיב,
כלו חיב — זיינען מיר!.."

—

גנבות, הייזעריק, כאלערא,
פליגן, ווערים, פילאקסערא,
קעלט, סוכאטע, האגל, ווינט —
דער ווערט טוב און יענער בלינד,
דא איז הונגער, דארט קדחת,
דא א קלאנג, דארט א געשריי —
אומעטום, לכל הפחות,
מוז א איד זיין, אדער צוויי,
אידן טוען אף צו להכעים,
שנאת חנם קאכט אין זיי...
און איך שריי, און שרייען ווידער
וועל איך — אייביק אן א שיעור!
כלו חיב, ליבע ברידער,
כלו חיב — זיינען מיר!"...

—

בלייך און דער רוקן געבויגן
זיצט מיין ישראל'יק—ווי בליענע שווער
פון די פארטונקלטע אויגן
טריפן א טרער נאך א טרער...
— „זאג=זשע מיר — פרעג איך אים: ווי
זיך מטריח
אז „כלו חיב" בא אונז איז שוין גרייט

טא וואו־זשע איז ער?
— משיח?
„נארעלע! הערסט דאך — ער גייט!"...

---

# משיח׳ס צייטן

---

## די פאפירענע בריק

(א באבע־מעשה)

אין א שטעטל
(ווי געהיי סן
האט דאס ליבע
שטעטל, — ווייסן,

גלויב איך, אלע,
קליין און גרויס;
און אויב ניט,
מאכט אויך ניט אויס;

גשן, גינשפריג,
יארמעלינע,
וואס איז דא
די נפקא מינה

וואסער שטעטל,
וואסער טייך?
כ׳שרייב דאך ניט
קיין גט פאר אייך)

אין דעם שטעטל,
ערב פורים,
הויך און מעכטיק
ווי א שטורם,

האט א בת־קול
זיך דערהערט:
„— א דן! גליק
איז איך באשערט;

„אוים בהלות,
אוים יללות,
אוים, א סוף
צו אייער גלות;

ג׳כער, ברידער,
מאכט זיך גרייט,
מאכט זיך גרייט —
משיח גייט!..״

* *
*

און משיח
איז געקומען...
אידן לויפן,
שרייען, ברומען,

אומגעלומפערט
און צעהיצט,
אי פארמאטער־ט,
אי פאר־שוויצט,

רויט ווי פייער,
בלייך ווי מתים,
כאפן תפילין
און טליתים,

ספרים, בעטגעוואנד
און טעפ;
ס׳גייען כאדארעס
די קעפ;

א יריד, א מארק,
א מורא;
ס'איז אין שטעטל
שמחת־תורה;

און שוין פלאנען
טאקע באלד
מאכן אלע,
יונג און אלט,

ווי אזוי דארט
אנצוהויבן
גאר א נייעס,
זיסעם לעבן.

* * *

מאטיע טשוואק
דער וואסערפירער
האט געכאפט
דעם לעצטן פירער

און, צעפלאקערט
ווי א בליץ,
באלד אין שיינק
אריין מיט היץ:

„— א גאט. העלף,
א נו, רב חיים,
גיסט נאר אן
א כוס לחיים

און פון גרעסטן
טאקע שטאף.
וואסער פירן?"
אוים, א סוף

ווייל אַף גאַנץ
ירושלים
וועלן זיין דאַך
שואבי מים

די בני גבעון!..
גייט אין ד'ערד
אי דאָס פּעסל,
אי דאָס פערד!.."

* * *

"— הערסטו, סערדצע,
הערסטו האָדל,
צום שוואַרץ-יאַר
די שער און נאָדל,

"אוים, אַן עק
צו שניידעריי,
און אַ לעבן
פון דאַסנייי!" —

האָט געשריען
יאַנקעל שניידער:
"כ'גיי אַט באַלד
אַ קלייד פון זייד דיר

"און אַ שלעפ-שאַל
קויף איך דיר...
געלט? דו, בהמה, —
אָן אַ שיעור,

הוליעט, קינדער,
הוליעט, ברידער!
ווייל אַז באַלד
גאָט וועט שוין ווידער

מיט זיין גרויסער,
שטארקער האנט
פירן אונז
אין אונזער לאנד

און דעם בית
המקדש בויען,
בין איך דאך,
מיין ווייב, א כהן!

זיץ זיך רואיק
אין געצעלט,
און צו דיר
א גאנצע וועלט

גייט און טראגט
פון אלעם בעסטן
הינער, טויבן
גאנצע נעסטן

מעשר, תרומה
פולע זעק
מעל און בוימאייל
אן אן עק,

ווארמעס קאבן,
הארץ מיינס, אך,
וואס דיר גלוסט זיך
נעם און קאך —

א געבראטנסל,
אן ערך,
פון די פעטסטע
שוק וירך,

מיט א צימעסל
פון שלמים
אנגעפּעפּערט
פול מיט בשמים!

קלייב דיר אויס
דעם בעסטן. ביסן
און פארטרינק
מיט יין קפריסין.

„הא? א שמאלץ־גרוב
בנאמנות...
עס און טרינק
און ברינג קרבנות!..“

* * *

בא א גלעזל
גוטן מעד
איז געזעסן
און גערעדט

משה טראליסמאן
דער סקלאדטשיק
מיט רב שלמה׳ן
דעם פאדריאטשיק:

„—הייסט עס, קלערט איר
נעמען דארט
דעם פאדריאד?
גאנץ גוט, נאר פארט,

א בית המקדש
סטראָיען... שווערלעך!
היינט בא אידן
גיי בלייב ערלעך...

ניין, איך נעם
דעם אטקופּ דאָרט, —
א געשעפטל
פּערוויי סאָרט;

פּשוט זאגן,
גאלד צו שפּינען,
ממון קרח
צו פאַרדינען"...

„—יא, רב משה,
אבער פּארט,
איר פאַרגעסט ניט —
וואוינען דאָרט

„וועט דאך נאר
דאס פאלק־ישראל,
אונזער לאנד
און אונזער קהל.

„זיין בא זיי
א סקלאַדטשיק... אך!
אידנס שכירות
ווייסט איר דאָך:

אויף הבדלה
און אויף קידוש"...
„—אי, רב שלמה,
ס'איז א חידוש

מיר אויף אייך...
ווי הייסט... איר הערט?
אידן טרינקען ניט?
פאַרקערט.

גלויבט מיר, איך
וועל זיין צופרידן;
טרינקען וועלן
מוזן אידן,

און טאקע י״ש
למען־השם;
ס'איז א פסוק
דא אף דעם.

איר געדיינקט,
דעם נביא'ס שרייען:
הוי שכורים
ולא מיין!

היינט באקלערט,
אז ניט פון וויין,
מוז דאך דאס
פון בראנפן זיין!״...

* *
*

נחמן־מנדל
ציפערבלאט,
א ניקאָלאיעווער
סאָלדאט,

האט געמאכט
א שמועס אין מנין
וועגן חיל
(אין דעם ענין

מן הסתם
איז ער געניט)
״—חיל דארף מען,
ווי דען, ניט?

יונגע לייט
איז קיין עין הרע
דא גענוג,
און ס'איז א סברא

אז פון פּריזיווו
וועט מען דארט
ניט אַנטלויפן;
אָבער, פּארט

אַלץ דארף זיין דאָך
בלאהאראָדנע —
א פאָלקאָווניק
און א ראָטנע.

די אוטשעניע,
דעם פּאראד
אויסצולערנען
דעם סאָלדאט

ער זאל זיין
אין סלוזשבע פלייסיק...
איז בכן,
כאטש א יאָר דרייסיק

אז איך גיי
אף קוליעס, האָב
א קאנטוזיע
אין קאָפּ,

מיט אן אויסשפּרוך
א פאנפאטן
(בירושה
פונ'ם טאטן)

און די לינקע
אויג זעט אויך:
עפּעס אליין
ווי דורך א רויך:

אגב, אידן,
ווי איר זעט,
בּין איך כאטש-בּי
תיכף גרייט —

כּדי אידן
ניט פארשעמען —
די קאָמאנדע
אף זיך נעמען;

ארטילעריע
מיט פּעכאָטע,
מיט הארמאטן,
בּיקסן... בּלאָטע:

נייט נאָר אוף מיר
א מונדיר
און איך ווער
א קאָמאנדיר"...

* *
*

אפן שול-הויף
ווערט א דראקע:
צוויי בינדאזשניקעס,
און טאקע

די, וואס עברי
ניט אווארט,
האבּן זיך
צע'טענה'ט דארט

ווענן דעם,
אף וואסער ארט —
נוסח אשכנז
אדער ספרד

דאווענען דארטן
זאל דער עולם...
„—אשכנז, בהמה!"
„—ספרד, דו, גולם!"...

„—יורקע!"... „—ממזר!!"...
און צום עק —
קלעפּ געבראָטענע,
א שרעק...

* *
*

זעענדיק
דעם עולם'ס פרייד,
הערנדיק
די אלע רייד

מיט די פּלאנען
פונ'ם קהל
אפן גאנצן
לאנד ישראל—,

„שטייט, רבותים,
ווארט נאר אוים,
אייער גליק
איז טאקע גרוים —

האט געזאגט
משיח. — „אידן
מעגן טאקע
זיין צופרידן,

הוליען אפן
העכסטן ארט,
וואס זיי האבן
מיך דערוואַרט.

אבער קודם
אלע זאכן
דארף איך דאך
די בריק אויך מאכן

ווי איר ווייסט דאך,
פון פאפיר,
בריינגט־זשע
מאטעריאל צו מיר״...

„וואס? פאפיר?
אך, מיר פארמעגן
דאס אפילו
אכצן וועגן:

„תנאים... גט...
פּריכאָד — ראסכאָד...
אידן שרייבן,
דאנקען גאָט!״...

* * *

אפן שול־הויף,
וואו אין בלאָטע
שווימט ארום
א גאנצע ראָטע

גענז און קאטשקעס
טאָג און נאכט,
איז געוועזן
דער סקלאד געמאכט.

אינגלעך, מיידלעך,
ווייבער, זקנים
האבן זיך
צעיאָגט אין איינעם.

און פאפיר
האט יעדער באלד
אנגעבראכט —
א שרעק, א גוואלד,

ספרים, ביכער,
בלעטער, בלעטלעך:
אידן לומדים —
נייע פשט׳לעך

שארפע, טיפע —
על־פי־רוב
אף וויזתא׳ם
גרויסן „וו אָ וו״,

אף „צ פ י ח ת״,
„א ח ש ת ר נ י ם״
מיט נוטריקין
און סמנים

אף דעם רמז,
וואס איז שייך
צו די ווערטער
„שני שדיך״,

אף „ש נ ת י ם״
אין „מ ק ץ״
מיט א ד ר ש
אף „מ ו כ ת ע ץ״

די זשאַרגאָנע
ראָמאַניסטן —
גאַנצע פּעק
פון אַלע מיסטן,

ווי למשל
אַ ראָמאַן:
„דרייצן ווייבער
און איין מאַן“,

„פון אַ בת־מלכּה
מיט צוואַנציק
פעלד־גזלנים
נעבן דאַנציג“ —

ווי זיי האָבן
מיט געוואַלד
אין גרויסן,
טיפן וואַלד

זי פאַרפירט
און דאָרט פאַרבאָרגן
אין אַ הייל,
און ווי אויף מאָרגן

איז געגאַנגען
דורכן וואַלד
אַ באַהעלפער
יאַנקל שפּאַלט.

(נאָך אַ שטעקל
צו דעם קאַנטשיק
פאַר די אינגלעך:
מק״ק דאַנציג)

האט די בת־מלכה
געפונען,
די גזלנים
אין א ברונען

זייער קלוג
ארייננענארט,
אלע צוואנציק
דארט פארשפארט

און אוועק
באנאכט פאמעלעך:
מיט דער בת־מלכה
צום מלך;

ווי דער מלך
האט באלוינט
דעם באהעלפער,
וועלכער וואוינט

איצט אין גינשפריג,
האלט דארט סקלאדן,
פירט געשעפטן,
נעמט פאדריאדן...

און אזוי
אף דרייצן אייל
א ראמאן
אין זיבן טייל...

* * *

די זשארגאנע
גראמען־קלייבער —
שארפע מחות
וואזשנע שרייבער

מיט פאנטאזיעס
א בראנד! —
האבן תיכף
איינגעשפאנט

א פּאָר ציגן
אין אַ שליטן
מיט א בהמה
אין דערמיטן

און געבראכט
פאפיר א באַרג
און געזאגט,
אז אויב ס'איז קארג

וועלן זיי —
מען זאָל ניט זארגן —
נאך אזויפיל
ברייננגען מארגן:

שירים, מליצות,
ווארט צו ווארט
אן אנטיק
צונויפגעפּארט

ווי, למשל:
טאטע,
שמאטע;
ציגן,
פליגן;
איצע,
פיצע,
פיצעריצע;
קעפּל,

קנעפּל,
מעפּל,
יויך;
אַפּיקומן,
קוימען,
רויך...

קורץ געזאָגט —
אַזעלכע גראַמען,
וואָס מען קאָן
מיט זיי זיך סמ׳ען...

* * *

די פּאַלעמישע
קריטיק —
שמאַטעס, בוי
באַטש דרייצן בריק.

ספּליאַטקעס, מעשה,לעך
צום לאַכן
פון אינטימנע
פרעמדע זאַכן:

וואָס טרינקט דער,
וואָס יענע־ עסט,
ווער באַ וועמען
זיצט אַף קעסט, —

מיט אַ שפּראַך,
וואָס זי צו הערן
בעל־עגלה׳ס
דאַרף מען ווערן...

* * *

אַף פּאַפּיר
פון שענסטן אַרט

האט משיח׳ן
געבראכט

זיין אטשאט
דער פרנס=חודש
וואס ס׳איז יעדע
ציפער קודש;

וואס, פון ווערמען,
ווער און ווערם —
און קיין קאפיקע
בא דעם...

איד אָטשאָט —
די תלמוד=תורה,
אפגעדרוקט
מיט מרה=שחורה...

און דער הקדש
און די שול —
אן אטשאט
מיט ציפער פול:

וויפיל שפאלטן,
וויפיל לערער
אין די ווענט
און אין די דעכער,

וויפיל הייצונג
גייט אוועק
ס׳זאָל דאָרט זיין
א קעלט—א שרעק.

דער ראבינער —
זיינע דרשות,

וואָס פון זיי
שלאגט אן חלשות...

בעלי־טאקסעס —
דעם קאנטראקט,
וואו עס שטייט
בפירוש: „האקט,

רייסט און שינדט
די הויט פון קונה,
ווי פון אייער
גרעסטן שונא"...

די רבנים,
די מופלגים —
שאלות — תשובות
וועגן סיגים.

יין־נסך
און חליצה,
סמן־נערות
און מציצה...

חברה־שניידער —
גאנצע פעק
מיט מסירות
אָן אַן עק:

אף די קלעפּ
הושענה־רבה
אין בית־מדרש
פאַר דעם גבאי,

אף דעם סטאראסטעס
„דאָכאָד",

אף דעם שול
און אף דעם באַד...

די מלמדים
פונ׳ם שטעטל —
א פאדראבנעם
לאנגען צעטל

וויפיל מאל
אף יעדע שעה
שטארבן זיי
פון הונגער דא;

וויפיל קרומע
און הארבאטע
און זאַאיקע
און פאנפאטע

זיינען צווישן זיי
פאַראַן,
און דערצו
געמאַכט אַ פּלאַן

אַ קאַרטינע
פונ׳ם חדר,
וואו זיין ארט
פארנעמט דאָרט יעדער:

וואו די קוואַטשקע,
וואו די ציג,
וואו די בעט
און וואו די וויג...

וואַבערניקעס —
לאנגע ספיסקעס,

ווי געמאטעוועט
די קישקעס

באַ יתומים
און אלמנות
מיט פראָצענט —
פאַר גרויס רחמנות...

דער פאדריאַדטשיק
פון דער באַד
האָט געבראַכט
אַ לאַנגן סטשאָט,

וואו ס'איז דײַטלעך
אַלץ פאַרשריבן,
וואָס באַ אים
איז ניט געבליבן...

פון איספראַוניק
דער דיסיאַטסקע
האָט געבראַכט
אַ גאַנצע טאַצקע

פול מיט אידישע
דאָנאָסן,
און געזאָגט
בזה הלשון:

„— היות, דער עולם
גייט אַוועק,
טאָ נעמט מיט זיך
אַט די פּעק

ספּליאָטקעס, פּראַזבעס
אַלע סאַרטן,

לאז מען זיי שוין
רעטן דארטן".

קורץ, פאפיר
פון אלע ווערק
גאנצע סקירדעס,
גאנצע בערג —

א דערקוויקעניש
צו זען!..
אבער הערט,
וואס ס'איז געשען:

אז משיח
האט באטראכט,
וואס דער עולם
האט געבראכט —

אט די אלע
אלטע שמאטעס —
דא מיט לעכער,
דארט מיט לאטעס;

אט דעם שמוץ,
דאס מיסט און שטויב,
וואס עס מאכט אונז
בלינד און טויב,

וואס פארצאמט
דעם וועג דעם בּרייטן,
ווי מיט גראבּע,
שווערע קייטן,

און עס מאכט
צו שפּאַט און שאנד
אונזער פאלק
אין גאנצן לאַנד,

בא דעם מינדסטן
אין די אויגן, —
האט ער טיף,
דעם קאָפּ געבויגן

און געזאָגט:
„—ניין, ברודער, ניין...

אפשר איז דאס
גוט און שיין,

אבער חוץ
גאָר אלע זאכן,
אף דעם בריק,
וואס איך דארף מאכן,

ניט אזא מין
סאָרט פאפיר,
ליבע ברידער,
טויג פאר מיר

פון דעם ביטערן
און בייזן
גלות, — אידן
צו דערלייזן"...

* * *

און משיח
האט זיין פערד
פון דעם שטעטל
אָפּגעקערט

און מיט טרויער,
שמערץ און צאָרן
ווייט פון דארט
אוועקגעפאָרן...

---

## הייס און קאַלט.

(א לידל)

נו, מזל-טוב, רחל'ע, מזל-טוב דיר —
א קינד, א בן-זכר געבארן!..
דאס פיצעלע קוויטשעט און שרייט אן א שיעור...
וואס איז דאס, דו, קליינער, וואס איז דאס מיט דיר?
דו ציטערסט? דערפראָרן געווארן?
אך, דארט, אפן הימל, וואו דו ביסט געוועזן,
איז ליכטיק און פריילעך, און ווארעם און שיין,
און דא.. הערט זיך צו — בנאמנות:
דאס פיצעלע רעדט דאך, עס שרייט דאך: „גוואלד!"
אוי, מאמע! ווי פינסטער איז דא און ווי קאלט!..
אוי, וויי! האב רחמנות!"...

* * *

דאס רעדעלע דרייט זיך
ארום אן אן עק;
א טאג קומט צו קריכן,
א יאר פליט אוועק...

---

„—גוט מארגן אייך, רבי!" — גוט מארגן! א נו!
אט זעץ זיך אקארשט נאר אנידער
און נעם זיך צום חומש... נו, לעבעדיק... דו!
מיט חשק, מיט אברים, מיט גלידער!..
דו שווייגסט?!.. נו, טאָ לייג-זשע זיך! ליג... אט אזוי...

איינס!.. צוויי!.. „רבי! רבינו! אוי?.."
„—ליג, ליג! דו, כל־בוניק!.. ס'וועט קאָסטן דיר טייער!..
איך ארבעט, איך קנעל, איך באגים זיך מיט שוויים,
און ער... טאָ, אט נא־זשע דיר! פיל'זשע און וויים..
האָ? ווארעם?"... „הייס! רבינו, רבינו הייס!
עס ברימ ווי א פייער!.."

* *
*

א טאג קוממ צו קריכן
א יאר פלימ אוועק,
אלץ האט זיך זיין אָנפאנג,
אלץ האט זיך זיין עק...

———

און נאך אמאָל—מזל־טוב! — מזל־טוב אייך!
שפילט כלי־זמר'לעך! הויבט זיך אף פליגל!
דעם חתן איז פשוט.. „דער קרומער נים גלייך":
די כלה—א דימאַנט. א שפיגל!
מע הוליעט!.. ווארט אוים, ליבע פריינט, זיימ נימ
פויל —
דער דימאנט האט נעגל! דער שפיגל — א מויל..
— נו, מאנעלע! ווארעם? עס קוועלט די נשמה?
„—אוי, ברידער, בחורימלעך! איילט זיך נימ!—קאַלט!
איך פריר ווי אום שבט בא דער נאכט אין א וואלד..
איך צימער, איך צאפל... אוי, ברידערלעך, גוואלד!
איך פריר, פון נחמה!"

* *
*

די וועלט איז א חדר
פאר קליין און פאר גרוים!
מע קוועטשט זיך, מע שטופט זיך —
מע לערנט זיך אוים...

———

א סוחר געווארן... נו, גיכער, רב איד! —

אין האָץ איז א מאַרק און אין קלאָץ — א יריד...
עס הודיעט, עס קאָכט ווי אין גיהנום!
איר זעט — קיין עין־הרע! מע לויפט! —
פעל, אקסן, זאַלץ, קאָרן, פלאַקס, פאַצירקעס, לעדער!
מע פליט ווי אַף פליגל, מע פאָרט ווי אַף רעדער,
מע האנדלט, מע וואנדלט, מע קויפט, מע פאַרקויפט...
דאָס סוחר׳ל יאָגט זיך נאָך דעם און נאָך יענעם,
עס ציטערט, עס צאַפּלט, באַגיסט זיך מיט שוויים...
אוי, סוחרים׳לעך, אידעלעך, פייערדיק, הייס!
עס ברענט ווי אין גיהנום!

* * *

דאָס וועלטעלע דרייט זיך —
א מאַרק, א יריד!
עס הודיעט, עס פלאַקערט,
עס ברענט און עס זידט...

---

ברענט, ברענט,— איר וועט אפּגעקילט ווערן רב איד —
איר אײַלט זיך נאָך סחורה?— נאָך אײַזן, נאָך ברעטער
נאָך זייד און נאָך סאַמעט — איר פלאַקערט, איר
זידט?
פאַרגעסט נאָר ניט — זייט אזוי גוט — פון יריד
א שטיקעלע לייוונט צו ברייִנגען, רב־פּעטער...
עס קלאַפּן די פּושקעס, עס אַרבעט די זעג:
פיר ברעטער, צוויי שערבעלעך, — און אוים מיט אן עק!
געקומען צו פאָרן פון לעצטן ירידל...
נו, גיכער, שמשים! פאַרשיט שוין, באַהאַלט!..
אוי, אידעלעך! קאַלט איז דאָרט — זאָג איך אייך — קאַלט?!...
— — — — — — — — — — — — — —
געפעלט אייך מיין לידל?

---

## צוויי בילדער.

---

Neue Zeiten—neue Vögel,
Neue Vögel—neue Lieder.

---

### I.

איר געדיינקט די אלטע זאָגע,
ווי אמאל, אמאָל פארצייטן,
פלעגן מיר דעם טאג פארברייינגען,
וועלכער הייסט בא אונז „יום־כפור״?

אין די גערטנער פון יריחו,
אין די גרינע פּאַלמען־גערטנער,
קלינגען הארפן און טראמפּייטן,
שאַלן זיסע, יונגע שטימען;

זיסע פרויען־שטימען קלינגען
און זיי פליסן העל און פרייליך,
ווי א קלאנג פון זילבער־גלעקער
אף די פרישע בלומען־שטאקן:

„—קומט אהער, אהער בחורים!
קלינגען יענע ליבע שטימען:
קוקט, דאס זיינען אלע שענסטע,
פיינסטע טעכטער פון יריחו.

ווי די פּאַלמען, הויך געוואקסן,
פריש און דופטנד, ווי די רויזן,
אלע שענסטע, אלע ליבסטע,
פיינסטע טעכטער פון יריחו.

קומט אהער, אהער, בחורים!
קלייבט אייך, קלייבט אייך כלה׳ס... אבער
קוקט ניט נאר אף אונזער יוגנט,
ווילט ניט נאר אליין די שיינהייט,

ווייל די יוגנט וועט פארבליען,
און פארגיין וועט די שיינהייט;
בלייבן וועלן גוטע זיטן,
בליען אויביק וועט די טוגנד.

גוטע זיטן, טיפע ליבע,
פיינע, איידעלע געפילן —
דאס איז אונזער גרעסטעס רייכטום,
דאס איז אונזער בעסט פארמעגן!..."

שווארצע לאקן, ווייסע קליידער,
שווינדלען, פלאטערן פון וויטן,
דורך די גרינע פאַלמען־צווייגן,
דורך די פרישע בלומען־שמאקן,

אלע גלייך געקליידט — אין גלאַטע,
ווייסע קליידער, לויט דער מנהג,
פלעגן דאמאלסט זיי די קליידער
באָרגן איינע בא דער צווייטער:

ס׳זאל ניט זיין, ניט רייך, ניט ארים,
ניט קיין גדלות, ניט קיין בושה...
אלטע צייטן — אלטע בילדער,
אך, זיי זיינען שוין פארגאנגען!..

II.

נייע צייטן — נייע מענטשן,
נייע מענטשן — נייע בילדער:
העל און ליכטיק איז דער גרויסער
שיינער טאנץ־זאַל אין „סאבראניע".

אין דעם גרויסן, שיינעם טאנץ־זאל
זאמלען זיך צונויף צום „אָוונט“
אלע שענסטע, אלע בעסטע,
פיינסטע טעכטער פון יריחו;

אלע פיינסטע, אלע בעסטע,
שענסטע טעכטער פון יריחו;
פון יריחו און פון חברון,
פון בערדיטשעוו און פון קאָוונא:

פריילן מאריא פייסעכאָוויטש,
נאסטיא קאפאן, פראסיא למך,
און די שענסטע איזאבעלע,
איזאבעלע לאקשן־צימעס.

אלע זיינען זיי געקליידעט
נאך דער לעצטער, שענסטער מאָדע
און זיי זינגען גאר אן אנדערש,
גאר אן אנדערש, נייעם לידל:

„קומט אהער, אהער חתנים! —
זינגען מאריא, נאסטיא, פראסיא,
און די קלוגע איזאבעלע,
איזאבעלע לאקשן־צימעס;

„קומט אהער, אהער, דאקטוירים,
אינזשענערן, אדוואָקאטן,
מיט נאַשיוועקעס, מיט קאקארדעס
מיט דיפלאָמען, אטעסטאטן:

„נעמט אונז, גוואלד, אוי, האט רחמנות,
נעמט אונז, כאפט אונז!.. אך, מיר אלע
זיינען גרייט מיט אייך צו לויפן
אין גן־עדן און אין גיהנום...

נעמט אונז, כאַפּט, הילט־איין, פאַרוויקלט
אונז אין זייד, אין סאַמעט, אַטלאַס,
קויפט אונז לאָזשן אין טעאַטער,
פירט אַף בעלער, מאַסקאַראַדן,

„אונזער הוט זאָל זיין א גאַנצע
סקירצע בלומען, — שיינע בליצן;
גאַנצע גענז און גאַנצע הענער,
זאָלן דאָרט פון אויבן זיצן.

אונזער קלייד זאָל זיין פון אַלע,
אַלע קליידער שענער, בעסער;
אונזער שלעפּ—פון אַלע לענגער,
דער טורניור — פון אַלע גרעסער, —

אונזער אָנצוג, אונזער צירונג
זאָלן גלאַנצן ווי די שטערן —
אַלע אונזערע באַקאַנטע
זאָלן א כפרה ווערן!..

און זוי ווייטער, און זוי ווייטער,
זינגט דאָס לידל, ליבע ברידער!
נייע צייטן — נייע מענטשן,
נייע מענטשן — נייע לידער,

נייע נעמען, נייע הערצער,
נייעס און נייעס פון אַלע זייטן,
איינס נאָר איז בײַ אונז געבליבן
פון דעם מנהג פון פאַרצייטן,

איינס, א קלייניקייט: די קליידער,
ליבע פריינט, די פיינע קליידער
מיט דער צירונג, מיט די בלומען
זיינען אָפּט... אַף באָרג גענומען!!!...

---

# גאט אין אָדעס.

(סקיצע).

צוריק ניט מער דריי־פיר מעת־לעת
איז גאט געקומען קיין אָדעס
(געוויינלעך, אומטערוועגנס).
„אז כ'בין שוין דא — האָט ער געטראכט —
טאָ לאמיך זען, וואס דא מאכט
מיין ביסל אידיש אייגנס".

וואו זעט מען אידעלעך? — אין שול.
ער גייט אַריין — די שול איז פול,
עס קאָכט, עס ברענט, פלאַם־פייער;
הו־האַ, אַ טומל, א געשריי...
„וואס טוט זיך דא? ווער זיינען זיי?"
— די „פרידלעכע באנייער".

ער לאָזט זיך אַף שאלאשנער גאַס.
די שול, ווי הערינג אין אַ פאַס,
ווי גארבן אין אַ שייער,
איז אָנגעלאָדן אן אַ ברעג.
„ווער זיינען די?" — טוט גאָט אַ פרעג.
— אויך „פרידלעכע באַנייער".

נאך אין שולכל, נאָך א ן צווי —
און אומעטום אליץ זיי און זיי
און אומעטום פון דאסניי ער;
אי גרויס, אי קליין, אי יונג, אי אלט,
אין יעדן ווינקל, יעדן שפאלט
אליץ „פרידלעכע באנייער".

און אומעטום — רב דוד ברב״ש,
דער גרעסטער דאָיטיקער בר — נש,
טוט חי = וקים שרייען;
מאכט א גוואלד, א טאראראם
בכדי דאס פרידלעכע פראגראם
צו טאן ראספּראָסטראניאיען.

אך, שרעקלעך מאכט רב דוב ברב״ש
פון אלע „רויטע״ שטויב און אש!
ער פלאקערט ווי א פייער;
ער ווארפט זיך בייסן ווי א שלאנג
און קלינגט און זינגט א לויב=געזאנג
די „פרידלעכע באנייער״.

— „א סוף צום אומגליק, לייד און פיין —
געזונט און גליקלעך זאָלן זיין
העך פראפעסער און גראף היידן!
קלייבט אוים אין דומע די פאר לייט —
וועט ווערן באלד פון יעדן זייט
גאנץ רוסלאנד א גן=עדן.

„אין דעם גן=עדן וועלן זיין
די טייכן פול מיט ביר און וויין,
די וועלדער מיט מאראנצן;
ס׳וועט יעדער פויער האבן זיי,
טאג=טעגלעך טרינקען הייסע טיי
און גיין א פריילעכעס טאנצן.

„קיין חילוק וועט שוין, ווי אמאל,
ניט זיין: א טאטער, א כאכאל,
א פאליאק, א ציגיינער;
ניין, אלע גלייך און אלע פיין, —
דער לעצטער בעטלער וועט זיך זיין
א בעל=הבית א פיינער...

„אין דעם גן־עדן וועלן אויך
מיר אידן זיצן ברייט און הויך,
עס וועט פאר אונז אפילו
דארט קין „טשערטא" ניט זיין... עס היסט
ס׳וועט יא זיין... מחמת... דו פארשטייסט...
עס פאסט ניט לכתחלה

„מבטל זיין זי גאנץ און גאר:
מ׳וועט נאר יעדע צוואנציק יאר
צורוקן זי אביסל"...
— „אזוי? — זאגט גאט — כ׳פארשטיי דעם טעם...
דאס איז, זייט מוחל, א פראגראם
בבחינת „כשר־פיסל"...

„נו, ליבע אידן, כ׳זע, צום גליק,
איר האט א קאפ אין פאליטיק, —
אז וואויל צו אייער טאטן!..
און וואס איז טאקע דא דער נס?
עס נו, אדעס בלייבט פארט אדעס!..
נאר איינס וואלט איך אייך ראטן:

„רב דוד ברב"שן האט איר שוין,
איז פעלט אייך איצט נאך איין פארשוין, —
צו פאשן מיינע שעפסן
אין פוסטן פעלד, אין וויסטן וואלד;
נעמט ווידער צו און טאקע באלד,
פאר א ראבינער—קרעפסן!!...

## די ריפּ.

### (א גמרא).

אז דער ליבער בורא־עולם
האָט באַשטימט באַשאַפן חוה
(כאָטש, אין תוך גערעדט, געווען
איז דער גאַנצער פּלאַן משיקאַווע),

האָט ער שטאַף — זאָגט די גמרא —
נישט פון אָדם׳ס הענט גענומען,
נישט פון זיינע פיס און אויגן,
נישט פון קאָפּ, פון צונג, פון גומען.

ווייל עס ליגט אין קאָפּ די גדלות
און די תאווה אין די אויגן —
צוויי הסרונות, וועלכע דאַרפן
פאַר א פרוי דורכאויס נישט טויגן.

נישט פון אָדם׳ס הענט באַשאַפן
האָט זי גאָט, זי זאָל נישט וועלן
מיט דעם מאַן מלחמה האַלטן,
איבער אים זיך העכער שטעלן.

נישט פון צונג און נישט פון גומען,
ווייל דאָס זיינען יענע כלים,
וואָס מיט זיי, ווי מיט אן עמער
שעפּן מענטשן דברים־בטלים,

פון די פיס — זי זאָל נישט גלוסטן
פון דעם מאַן א פּליטה מאַכן.

אט כדי זי זאל באפרייט זיין
פון די אלע שלעכטע זאכן,

פון דעם ריפ האט זי געבארן
דער באשאפער, פון א שטומען,
בלינדן, אומשולדיקן ביינדל
האט דער בורא זי גענומען...

אט דערפאר — זאגט די לעגענדע
פון די אלטע, קלוגע יארן —
האבן ווייבער אלע מעלות
און קיין איינציקן חסרון...

---

## צוויי אסיפות.

א.

די רבנים זיצן,
די רבנים קלערן,
וואס זאל מיטן
פאלק ישראל ווערן?

די אסיפה זייערע
מאכט א גרויסן רושם —
סטייטש, די גרויסע פאסטוכער
פון די צאן־קדושים:

פון פאלטאווע, קאוונא,
גשן, יורהדע׳ווקע,
תוכחה׳ווקע, זלידיניזוקע,
שחינ׳עווקע, צפרדע׳ווקע;

אלץ „מאורים גדולים״,
ס׳איז א פראכט, א מורא;

אך, אף יעדער יארמעלקע
שײַנט דער כתר־תורה!..

די רבנים זיצן,
די רבנים קלערן,
וואס זאל מיטן ליבן
פאלק ישראל ווערן?

די רבנים קלערן
און פאר גרויס רחמנות
אפּן פאלק ישראל
מאכן זיי תקנות:

„— באשר, ווי מיר ווייסן,
אז דער גאנצער גלות
מיט די אלע גזרות,
מיט די אלע קללות,

„רשעות און בלבולים,
שנאה, צרות, מכות
קומט ארויס דורך יענע
שקצים און טרפניאקעס,

„וועלכע זײַנען פּלוצים,
אין די לעצטע יאר־ן,
כ׳וויים, פון וואס, פון וואנעט,
גוט און פרום געווארן...

„לכן דארף מען עפּעס
טאָן דערצו וואס גיכער, —
און כדי אף ווייטער
רואיק זײַן און זיכער,

„זי מיט אלע זייערע
קרובים און חברים,

חײַבער, קינדער — װאַרפֿן
מיר אַרײַן אין חרם!!!"

די רבנים אַרבעטן,
די רבנים אַקערן...
שופֿרות בלאָזן, שװאַרצע
ליכט באַם עמוד פֿלאַקערן...

און דאַנאָסלעך פֿליען,
שיטן זיך פֿון דאָרטן
לעבעדיק, װי פֿײגעלעך
זומער־צײַט אין גאָרטן;

און פֿון אַלע זיבן
הימלען שרײַט מען „בראַװאָ"
לעבן זאָל הקטן
עקיבא מפּאַלטאַװאַ!"...

ב.

די „טרפֿניאַקעס" זיצן,
די „טרפֿניאַקעס" קלערן,
װאָס זאָל מיטן ליבן
פֿאָלק ישׂראל װערן?

און די ערי־מקלט —
גשן, יורהדע'װקע
תוכחה'װקע, זלידיניװקע,
שחינ'עװקע, צפֿרדע'װקע

זײַנען שױן פֿאַר הונגער
אַלע מײַז אַנטלאָפֿן;
אױס, אַ סוף, ניטאָ שױן
דאָרט אױף װאָס צו האָפֿן;

ווי א רויק צעגאנגען,
מיסט פון אלץ געווארן;
ווייטערווארטן קאן מען ניט..
הייסט עס, דארף מען „פארן".

פארן דארף מען, אבער
ווי אזוי און ערך?
אף א שׂכל רייטנדיק
איז א לאַנגער דרך...

און וואוהין, למשל?
נאר אין פּאלעסטינע,
אדער ערגעץ אנדע־ש־וואו
זוכן א מדינה?

אפשר בּא דעם לעבער־ים,
וואו, בּארעקט מיט שנייען,
אלכסנדר מוקדונ׳ס
הרי־חשך שטייען?

אפשר צו די גלעזערנע
בּערג זיך לאזן וואנ־לען,
וואו עס וואקסן צוקערקעס,
ראזינקעס און מאנדלען,

וואו אין שבּת אפילו
איז דער פראסט ניט שולט,
און דער בוים־לבנה
בּליט בּיז צו דעם מולד...

די „טרפניאקעס" זיצן,
די „טרפניאקעס" קלערן,
קראצן זיך אין נאקן,
רייבּן זיך דעם שטערן,

שוויצן נעבעך, מיען זיך,
גאט איז זייער עדות;
ווי א האגל שיטן זיך
רעפעראטן, רעדעס.

סמעטעס מיט אטשאטן
כל המיני סארטן,
און זיי מאכן סוף כל סוף
א תקנה דארטן:

אין א יאר אין צוויי ארום
פאר די אלע זאכן
נאך אמאל איה״ש
אן אסיפה מאכן!..

---

## גבורים.

### (א פשט׳ל)

דער פסוק זאגט:
„א נזיר זיין —
זאל ער די האר ניט שערן, היים אים
ניט עסן פלייש, ניט טרינקען וויין
און זיך ניט צורירן צו מתים״.

און דאס איז אלץ, וואס האט א ווערט
צו זיין א נזיר און א גבור?
טא זיינען אידן אף דער ערד
דורכאוים גבורים... גאט דו ליבער!

מען עסט קיין פלייש די גאנצע וואך,
וויין טרינקט מען נאר צו ארבע־כוסות,
די פאות וואקסן לאזט מען דאך
פון שלום־זכר ביז צום גוסס...

יאָ, אמת — ברידער — איינס נאָר. פעלט
צו הלכת־נזיר: כמה יאָרן
אז אידן זיינען אויף דער וועלט
כמעט ווי מתים שוין געוואָרן...

---

## די לאָקשנברעט.

(א סוכות־מעשה׳לע)

יום־כפור, דאנקען גאָט, אוועק
דערלעבט, געטרייע ברידער,
אוים וויינען, זיפצן גאנצע טעג —
מען זיצט אין סוכה ווידער;

מען זיצט באדעקט מיט גרינעם סכך
אין רוּע און אין פריידן...
דער לולב שיינט, דער אתרוג שמעקט —
א ריח פון גן־עדן!..

מען לעבט, מען פרייט זיך, מען קוועלט־און
ווי קינדער אין די וויגן...
אי, אי, ווי גוט איז מצוות טאָן —
בפרט מיט פארגעניגן.

עס קומען אבער פאר אמאָל
דערביי אזוינע זאכן,
וואס ממש, כ׳זאג אייך, גרויס און קליין
אַן כחות בלייבן פון לאכן.

פאַרוואָרף דעם קאָפּ און קייקל זיך
און האלט זיך בא די זייטן...
די מעשה איז געווען בא אונז
אין שמוינעוועקע פארצייטן.

איר מעגט עס הערן: משה־בער,
א בעל־הבית אין שטעטל,
האט פלייסיק צו דער סוכה זיך
גענומען; וואו א ברעטל,

א טיר א לאדן — אלץ געשלעפט
צום בנין, אלץ גענומען;
די מולטער מיט דער לאקשנברעט
איז אויך צונויץ געקומען;

אלץ פיין און ריכטיק צוגעפאסט, —
די לאקשנברעט באזונדער:
א גאנצע לאך פארשטעלט מיט איר...
א סוכה גאר א וואונדער!

אי הויך, אי ברייט, אי גרויס, כאטש טאנץ
כאטש דאַוון מיט א מנין;
פאר בראָדסקן און פאר גינצבורגן
אן אויסגעטאקטער בנין.

און דאנקען גאט, דערלעבט די צייט —
מ'איז פון שול געקומען
און צו די יום־טוב'דיקע פיש
מיט חשק זיך גענומען.

— „אַי, העכט מיט כריין! איך זאג אייך, נעמט
די ביטערסטע טריפ'ניאקעס,
וואס עסן חזיר אפן פוד
און קוויקן זיך מיט ראַקעס

און ווילן ניט (א מכה זיי!)
א ווארט פון אידן הערן,
נעמ... זאגט זיי: „פיש מיט כריין" — איז רעכט
כאטש די כפרה ווערן"!...

אזוי האָט אונזער משה־בער
גערדרש'נט זיך בנעימות
און נאָך די לאַקשן ברייט און פיין
גענומען זיך צום צימעס.

נאָר דאַ, אין מיטנדרינען... גוואַלד,
וואָס איז דאָס? גאָט דו ליבער!
די סוכּה טרעסטשעט, הוידיעט זיך
און ציטערט ווי פון פיבער...

עס טוט א קרעכץ, א קנאַק און... טרררראַך!
אוים סוכּה!.. וואונדער, כּ'לעבן,
וואָס ניט דער'הרג'ט... יאַ, אַרוים
נאָר טאַקע מיטן לעבן:

בּאַ משה־בערן איז אַ האַנט
צעבּראָכן, בּאַ נחמה'ן
אַ פוס, בּאַ רבקה'לן פאַרקלעמט
דאָס בייכל... ווי דער מאַמען!

בּאַ יאָסעלן צעהאַקט אַ ליפּ,
נחמנ'קן צעריסן
אַ באַק, און חוץ דעם נאָך די צונג
אַ האַלבע אָפּגעביסן.

פון ציין און נעזער רעדט מען ניט...
איר פרעגט: וואָס איז די סבּה?
ווער האָט דאָס אַלץ דאָ אָנגעמאַכט?
אַ חזיר, מיינע ליבע!

דעם שכנ'ס חזיר איז פאַרבּיי
געגאַנגען פונ'ם שפּאַציר
און בּאַ דער סוכּה אָפּגעשטעלט
אַ קראַץ זיך טאָן... נו, קראַצט ער

פאמעלעך, וואלט קיין אומגליק זיין...
איז ניין, ס'איז אים ניט ניחה,
מיט אלע כחות אנגעשפאַרט
ווי מיט א מין רציחה,

און דוקא אן דער לאקשנבּרעט!..
א תל פון אלץ געווארן...
נו, היינט דעם מנהג ווייסט איר דאך
פון יענע אלטע יארן:

געטראפן וואס ניט איז אין שטאט —
איז גייט מען צום קווארטאַלניע,
מען בּעט אים ער זאל משפּט'ן,
ווי ס'רעדט זיך, גאנץ פאָרמאלניע.

אין שול אפילו האט מען שוין
גערעשט: ס'דארף דער שכן
פאר אלץ בּאצאָלן, — הערסטו, ווי דען?
זיין חזיר האט צעבּראכן!

נאר דער קווארטאלניע איז געווען
א חכם עתיק: „—אמת,
האט ער געזאגט, א הזיק, יא;
די שולד איז אבער וועמעס?

דעם חזיר'ס? ניין: א גראבע זאך
יא, אבער ווייטער — גאָרניט:
עס בּייסט אים, נעבעך, קראצט ער זיך;
וואו שטייט עס, אז מען טאר ניט?

ניין, שולדיק איז די לאקשנבּרעט:
נאך וואס איז זי געפאלן?
כ'ווייס, אף א פרעמדע קעשענע
איז יעדערער א בּעלן.

נאר איר באַקלערט די זאַך אליין
גאַנץ רואיק און געדולדיק —,
א יאָ? דער חזיר איז גערעכט,
די לאָקשנברעט איז שולדיק!"

---

## דער פריילעכער קבצן.

(א מאָנאָלאָג)

אז גאָט אויף אונזער וועלטעלע
האָט אַלץ אַרום באַשאַפן —
דעם רייכן און דעם אָרימען,
דעם שטאַרקן און דעם שלאַפן,

א האָז, א העכט, א טייטלבוים
א קאַזאַק מיט א פּיקע,
א רב, א ציג, א וואָלטער,
א חזן א זאַיקע, —

האָט פונ׳ם קוואַל דעם הייליקן
געבראַכט צום בורא־עולם
א מלאך מיין נשמה׳לע,
נאָך פון דעם גוף דעם גולם

א פרייע, ניט פאַרקוויטיקטע
פון תאוות, יצר־הרע,
און ווי דאָס מאַרגנשטערנדל
א ליכטיקע, א קלאָרע,

און פרעגט: „—מיט וואָס באַפעלסטו מיר
די טפּה־סרוחה בענטשן?
עס זיינען אויף דער וועלט שוין דאָ
פון כל המינים מענטשן —

אי פרומע, אי חזר'ניקעס,
דאקטוירים און רבנים,
גלאט מענטשן, מענטשן איידעלע
נגידים און קבצנים.

סא וואס זאל זיין דאס מענטשעלע?
גיב גאטעניו, מיר שכל"...
—„א קבצן, — האט דער אויבערשטער
געענטפערט מיט א שמייכל, —

א קבצן, נאָר א פריילעכער!
זאל זיין מיט אלץ צופרידן,
און דאס איז דאך, פארשטייסטו מיך,
א זעלטענעס בא אידן"...

און אט-א בין איך, ברידערלעך!
באקוקט מיך דא אינגאנצן:
פריש, פריילעך, פריי און לעבעדיק;
שפילט כלי-זמר — גיי איך טאנצן!

וואס איז די שמחה — פרעגט איר מיך?
למשל, נעמט מיין דירה:
א נעסטעלע, א וויגעלע,
עס איז צו זינגען שירה.

די גבירים און די פאלאצן —
א מאָדע היינט געוואָרן,
גיי, ווייס איך, קריך, קאראבקע זיך
אין דריטן, פירטן גארן.

וואס טויגן מיר דער מירמלשטיין,
דאס שפיגלען זיך און גלאנצן —
מען בלייבט אן פוס! ניין, אט בא מיר
פינף טרעפלעך גאר אינגאנצן.

און גלייך אראפ, פארשטייט איר מיך,
אין קעלער־שטאָק — א חיות! —
מען שטעלט א פוס — אי נאס, אי גלאט,
עס גליטשט אראפ אין שהיות!...

די גבירים, כ׳ווייס, מען דאקטארט זיך,
מען היט זיך, מען האט מורא
פאר היץ, פאר קעלט, עס גיסט זיך אויס
אף זיי א מרה שחורה,

מען לעקט, מען טאפט צו אויסזוכן
א תרופה אין די ביכער
דאס לעבן צו פארלייגגערן,
איך, דאנקען־גאט, בין זיכער —

א יונגער שטאַרבן קאן איך ניט,
ווייל נאך אין יענע יארן,
וואס יוגנט רופט מען, בין איך שוין
אי אלט, אי גרוי געווארן...

היינט נעמט, למשל, עסנווארג, —
ווארטוטלעך, קניזשעס, טאָרטן,
געבראטנס, קעזלעך, זעמעלעך
און צימעס כל הסארטן, —

נגידים זיינען אויסטראכטער,
ס׳איז פשוט א ליצנות
זיין שטה האט זיך יעדערער,
מען עסט מיט גרוים הכנות!

ווער פליישיקס און ווער מילכיקס גאר,
דער — קרעפלעך, יענער — פראקעס,
איך, דאנקען־גאט, בין פאַרעווע —
איך עס כל ימי מכות!..

דאס נעמלעכע בא אונזערע
נגידים װעגן בגדים:
מען פוצט זיך און מען מאָדעט זיך —
א פאדים צו א פדים.

מען היט זיך, ס'זאל א װינטעלע
א בלאָז ניט טאָן חלילה
אפילו אין א זומער־נאכט,
א װארימע, א שטילע.

דאך נייט מען אף יום־טובים נאר
א בגד'ל א נייעם;
אזוי איז פון פארצייטן שוין
דער מנהג דא עד היום.

עס׳ נאַרישקייט, א אינגעלע,
א קדיש האב איך (איינער
און מיידלעך זעקס) אן עופעלע,
אין גאנצן הויט און ביינער;

איז מיינט איר װאס? אוי—אוי, אבי
לאנג לעבן זאל דער טאטע!—
ער לייגט אים יעדן דאנערשטיק
א נייע, פרישע לאַטע!..

פון װאנען נעמט זיך, פרעגט איר מיך:
די קראפט אין מיינע גלידער,
די פרישקייט און די פריילעכקייט?
פון מזל, ליבע ברידער!

אז גאט גיט מזל, האבן ניט
קיין שליטה דיינע שונאים...
איר זעט אף מיר די נייאינקע,
די פרישינקע סמנים?

צעהאקט א ליפ, צעפלאצט די נאז,
א פנים — א קאַרטינקע...
דערפאר צעבראכן, דאנקען גאט,
איין האַנט נאר — און די לינקע!!.

# פרייהייטס און יום־טוב לידער.

## די תפלה.

צו דיר, א, פרייהייט! ריינער קוואל
פון פריידן ליכטיקע און שטילע,
פליט אונזער ליד, פון טרערן מיד,
פאַר דיר צעגיסט זיך אונזער תפלה:

קום, ליבע, טרייע, קום צו אונז!
און ווי די שאַרפע פייל פון בויגן
וועט מאן א שלאָג דיין העלער טאג
אין די תליונים'ס בייזע אויגן.

ווי אייזן הארט און שווער ווי בליי,
וועט זיי דיין פרישעס ווינטל דריקן.
א טויט־שטראַף זיין וועט זיי דיין שיין,
דיין ריינע לופט וועט זיי דערשטיקן.

צו דיר, אָ, פרייהייט! קלארער קוואל
פון פריידן ליכטיקע און שטילע,
פליט אונזער ליד, פון צארן מיד,
אין פלאמען גיסט זיך אונזער תפלה...

## ס'איז צייט!

אין רוסלאנד איז יום-טוב: עס גרייט זיך, עס גייט
דאָס לאַנד צו אַ לעבן אַ נייעם;
עס קלינגען די גלעקער אין קלויסטער מיט פרייד—
מען פייערט „יציאת מצרים״.
עס קלינגען די גלעקער, זיי וועקן אי מוט,
און גלויבן אין קריסטלעכן הארצן —
און שטראָמענווייז גיסט זיך דאס אידישע בלוט
אין אפגרונט אין קאלטן און שווארצן!...
עס שוועבט אין אַ ריינער און ליכטיקער פלוט
דער ענגל פון פרייהייט און פרידן —
און טייכנווייז גיסט זיך דאס אידישע בלוט...
ניטאָ קיין רחמנות פאר אידן!
ניטא קיין רחמנות, קיין גלויבן, קיין גאָט!
דעם טויט איז די פרייהייט געגעבן, —
דער אידישער נאמען — צו שאנד און צו שפאט
און הפקר דאָס אידישע לעבן!...

— — — — — — — — — —

חברים און ברידער! די פינסטערע צייט
פון קלאג און געבעט איז אריבער;
געקומען די צייט
צו פאלן אין שטרייט,
נאָר פאלן — ווי שמשון הגבור!...
נים „נאענט״, ניט „פרעמד״ און ניט „אייגן״;
איין אוּמגליק — איין מיטל; איין שונא און שטרייט!
געקומען די צייט,
געקומען די צייט
זיין אייזערנעם נאקן צו בויגן!

איין כוואליע פון צארן זאל זידן, איין שטראם
זאָל פליסן אין אונזער נשמה...
איין קבר, איין יתום, איין גואל־הדם,
איין הייליקע, גרויסע נקמה!..
חברים און ברידער! די פינסטערע צייט
פון קלאָג און געבעט איז אַריבער;
געקומען די צייט,
צו פאלן אין שטרייט,
נאָר פאַלן — ווי שמשון הגבור!...

---

## ניי־יאָר.

חדש ימינו כקדם.

ניי־יאר! — שפיל, מיין אלטע פידל!
שפיל א ניי, א פריילעך לידל,
זינג אַ נייעם, זיסן שיר —
דיינע סטרונעס זאָלן קלינגען;
אלע הערצער זאָלן זינגען,
זינגען, פרייען זיך מיט דיר!...
און די פידל ענטפערט מיר:
— „אַף א בוים באם טייך פון בבל
בין געהאנגען איך אמאל,
און נאר קלאגן ווי אן אבל
קאן פון דעמאלט־אן מיין קול...
ניין, איך האב קיין נייע לידער,
אלטע קען איך, ליבע ברידער!
דארט, באם גרויסן אלטן טייך
האָב איך זיי געהערט פארצייטן
און אף אלע נייע צייטן
איינס נאָר ווינשן וועל איך אייך:
מיט זיין ליבע, מיט זיין פרייהייט

זאָל גאָט שיינקען אייך צוריק
אייער אלטע קראַפט און פרייהייט
אייער אלטעס גליק!״...

---

## א ביסעלע ווייניקער צרות!...

רבונו של עולם! מיט האפנונג און פורכט,
געקניט און דעם נאקן געבויגן,
טוט שטיין דיין ארימער, עלנדער קנעכט
פאר דיינע ליטוועליקע אויגן.

רבונו של עולם! פארנעם פון דער הויך
מיין ביטערן קלאג און מיין ברומען;
טו נייגן דיין אויער צו מיר, ווייל איך בין
צו דיר אין א שליחות געקומען:

געשיקט האט מיך, גאטעניו — פאטער, צו דיר
דיין זון, דיין בן־יחיד ישראל׳יק,
מיט וועלכן דו לערנסט שוין צוויי טויזנט יאר
פירושים אף סדרה בלק...

„— גיי! — האט ער געזאגט — גיי! דו ביסט
דאך בא אונז
א שארפער בעל־דברן, א דיכטער;
דו שרייסט דאך, אז מיר אלע שלאפן פארשוועכט
דו איינער ביסט וואך און ביסט ניכטער:

„—טא גיי־זשע און ברייננג אונז צום נייעם יאר איצט
אוי, גאטעניו! גיב מיר זכרון:
איך האב דיר אזוי פיל בקשות געבראכט,
אז איך בין צעטומלט געווארן.

עס קלאפט ווי אין קעסל־פויק, דונערט און בליצט,
עס ציטערט די ערד ווי פון פיבער,

עס בלאזן די שופרות, עס פאלן די ווענט —
מיר דאכט זיך — די וועלט קערט זיך איבער...

און וואס איז דאס, ווייסט איר? — סך־הכל, הקול
קול יעקב — א קרעכץ פון א חלוש...
דאס טענה'ן מיט גאט, מיט דעם האר פון דער וועלט
דריטהאלבן מנינים אין פאלעש.

עס הערן זיך קולות ארום און ארום —
זיי קענען א טויטן דערשרעקן;
רב ברוך בעט דאס, און רב זרח בעט יענס —
עס הודיעט פון אלע פיר עקן...

רבונו של עולם! דו זעסט דאך מיין הארץ —
איך דין דיך מיט יראה און אהבה;
טא שטראף־זשע מיך ניט פאר די זינדיקע רייד:
א, האסטו א פאלק א טשיקאווע!

רב איצן איז קאלט, און רב פיצן איז הייס;
היינט וואו איז רב שמערל, רב יואליק?
„גיי, ברייננ!" — און אן עק, איד האט בא גאט
דאך איינגעלייגט פשוט א חלק.

ווי הייסט? יעדער איד שאָבט נאר אפ פון זיין גוף
דאס ביסעלע גשמיות — שימל —
א בן־מלך זיצט דאך פארבארגן אין אים,
ער האלט אן ארענדע אין הימל.

ער בעט—נאר אוים איידלקייט, מחמת, עס איז...
פארשטייט איר? — עס פאסט ניט באונס...
אין תוך אבער—קומט טאקע, קומט אים פון גאט —
ער האט מיט אים אלטע חשבונות...

היינט פרעגט זיך א קשיא: פאר וואס זשע זאל גאט
פאר אידישע קינדער ניט מאכן

א מופת, א נס, עס זאל ווערן בא זיי
אט כאטש־בי די דאזיקע זאכן:

למשל: א טייכל מיט ראָזינקע־וויין
אף פסח׳דיקע אַרבע־כוסות;
א גאַרטן מיט כרפס, מיט מרור א וואלד,
א גאנצע פאבריק מיט חרסת.

א כאזשעלקע וואסער, אין וועלכע (אנשטאָט
די טמא און טרפה׳נע זשאבעס)
עס זאלן ארומשווימען קארפן און העכט,
און טאקע געפילטע — אף שבת...

דערצו נאָך א ברונען מיט דריי־פראָבנע י״ש,
בכיון אף קידוש צו מאכן,
אַ פעלד מיט געווירץ אף הבדלה... וואָס איז?
דאס זיינען דאך אידישע זאכן.

קרוים, בוראקעס וואקסן דאָך וואו נאָר א דאָרף,
פארוואָס־זשע זאָל דאַרטן, אַן ערד,
אַ איד נאָך אַ לולב זיך שלעפּן — איך ווייס! —
אין בויבריק, אין גושן... א דרך!

אין וואלד — פיצעריצעס מיט וויינפּערלעך — כ׳ווייס!
ווער דארף דאָס? עס טויג אף כפּרות!
און קריגן אן אתרוג — איז, גיי נאָר אקארשט —
הוצאות, אי טרחה, אי צרות!...

א מצוה טאָן? אך, וועלכער איד זאָגט זיך אָפּ?
פרייטיי איז דאָס פאָרט ניט קיין יושר:
טוט מצות ווי באָב און בא אידן בלייבט פאָרט
אף טויזנט קבצנים איין עושר.

רבונו של עולם! אוי האסטו א פאָלק!...
נאָר שטראָף מיך ניט, — טיף איינגעבויגן

טוט שטיין דיין אָרימער, עלנדער קנעכט
פאר דיינע לייטזעליקע אויגן.

איך בעט ניט קיין נסים, פאַרלאַנג ניט פון דיר
קיין מופתים פון דיין יד־החזקה.
איך ווייס דאָך — אין סאדעגור איז שוין פון לאנג
געבליבן אף דעם די חזקה...

ניין, זאל זיך דיין וועלטעלע גיין ווי עס גייט;
מען דארף זיך נאָך נסים ניט יאָגן:
דו, גאָט, ביסט גערעכט און דיין משפט איז רעכט,—
איך וועל דיר קיין דעות ניט זאָגן.

איינס בעט איך בא דיר, בארמהארציקער גאט! —
טו זעליגן אונז מיט דיין פרידן;
באשיץ און באהיט שוין פון שאנד און פון שפּאָט
דיין עלנדעס, ביסעלע אידן;

גענוג שוין, רבונו של עולם, גענוג
מיט יענקב׳ן שלאָגן כפרות...
אוי, גאָטעניו! נחת א ביסעלע מער,
א ביסעלע ווייניקער צרות!...

---

## דער חשבון.

די אלטע הגדה ליגט אפן, א בלאט
א גאנצע (איך לייען זי גערן)...
א חשבון א קלארער מיט דרוש און מיט פשט
פון מכות, וואס פרעה האט נעבעך געהאט.
אי, מכות! באהיט זאל מען ווערן!
דער חשבון בא רבי עקיבא איז קלאר:
צוויי הונדערט מיט פופציק! א קלייניקייט גאר!
מ׳קאָן שוין מיט דעם אי דעם גיהנום פארשפארן...

איך לייען די אלטע הגדה און טראכט:
„רבונו של עולם, ווי גרויס איז דיין מאכט
און שרעקלעך אף אונזערע שונאים דיין צארן!"...

———

נאר וואס איז דאס? וועמעס געלעכטער באנאכט
דערהער איך?... ער גיסט זיך מיט ביטערע טרערן...
„—אוי, אידישע קינדער, דער חשבון זאל ווערן
נאך קלארער, בארעכנט די אומגליקן, שלעק,
די בלוטיקע מכות, די ביטערע צרות,
וואס גאט האט געשאטן אף אונז אן אן עק,
און ניט אף די ימים, און ניט אין מדבריות
און וועלדער, וואו ווייסט איז אי פינסטער, אי איינג,
אי אוממעגלעך וואסער א טראפן באקומען —
באנעצן די ליפן, באפרישן דעם גומען;
ניט דארט, וואו עס קריכן די גיפטיקע שליינג,
ניט דארט, וואו די חיות די שרעקלעכע ברומען...

. . . . . . . . . . . . . .

———

גרויס, גרויס, איז דער חשבון, אן מאס און אן צאל,
די ציפער געשריבן מיט פייער און שטאל,
מיט קייטן די שורות געקאָוועט, אין וואונדן,
אין בלוטיקע וואונדן די בלעטער געבונדן,
און טיף ווי דער אָפּגרונט און שווארץ ווי די נאכט
איז דארט אפן טאוול די אופשריפט געמאכט, —
אן ווערטער געקריצט און אן פעדער געשריבן, —
די מכה, וואס אונז איז פון פרעה געבליבן:
דער חשך!... אוי, ברידער, איר זעט
אן רבי יהודה׳ס סימנים,
ווי שרעקלעך, ווי ברייט
צעגאסן, צעשפרייט,
ער ליגט אפן אידישן פנים?!...

———

יא, גרוים ווי די וועלט איז דער חשך! — און דאך
מיר לעבן נאך, ברידער, מיר ציען זיך נאך
פון שמוץ און פון שימל,
פון שלאפקייט און דרימל,
פון הונגער און קעלט
צום ליכטיקן הימל,
צום גליק אף דער וועלט!..

---

## ארבע כוסות.

דער גרויער ווינטער איז אוועק,
דער יונגער פרילינג איז געקומען...
ציגד אן די ליכט פון עק ביז עק,
באקראנץ דעם טיש מיט פרישע בלומען!
דריי שענסטע רויזן, העל און פיין,
קלייב אוים, מיין קינד, און שטעק אריין
אין מרור, כרפס און חרוסת
און מיט דעם ריינסטן, בעסטן וויין
גים אן ביז פול די ארבע כוסות!

מיט פרייד און ליבע אן א מאָס,
מיט הייסן גלויבן, טיפע טרייהייט
הויב אוף, מיין קינד, דעם ערשטן כוס
פאר אונזער אלטע, זיסע פ ר י ה י י ט! —
אין ים-סוף ליגט די שווערע קייט,
דער קנעכטשאפט-יאך פון לאנד מצרים...
א גאנצע אייביקייט פארגייט —
און יעדן יאר וואכט אוף און שטייט
דער גרויסער נס פאר אונז עד היום...

דעם צווייטן כוס הויב אוף, מיין קינד,
לכבוד אונזער אלטע ת ו ר ה —

די ליבע, איינציקע מנורה,
וואס פלעגט אין גרעסטן שטורם־ווינט
אין האגל, פינסטערניש און רעגן
פארהיילן אונזער לייד און פיין —
פארגיסן ווארימקייט און שיין
פאר אונז אף אלע וויסטע וועגן...

דעם דריטן כוס נעם, קינד, אין האנט
און הויב אים אוף ווי א זכרון
פון אונזער אלטן פ א ט ע ר ל א נ ד,
פון יענע טעג, פון יענע יאָרן,
ווען אונזער פאלק האט אף דער וועלט
געהאט א היים, אין רו געזעסן
און פון זיין אייגן, פרייען פעלד
אן אייגן שטיקל ברויט געגעסן...

דעם לעצטן, פירטן כוס גיס אן
און טרינק, מיין קינד, — לחיים, ברידער,
פאר אונזער נייע פ ר יי ה יי ט ס ־ פ אָ ן,
זי זאל אין וועג אונז פירן ווידער
צו אונזער ליבן פאטערלאנד:
מיר זאלן, פריי פון לייד און שאנד,
דעם לאנגן גלות דארט פארגעסן,
ניט וויסן מער פון שרעק און נויט
און ווידער אונזער אייגן ברויט
פון אונזער פעלד אין נחת עסן!...

---

# שמחת תורה.

„שמחת תורה — האפעניו!
מיטן פוס א קלאפעניו,
מיטן צונג א קנאַקעלע —
און אין הארץ—א מכה׳לע״...
(אן אלט פאלקס-לידל)

פריילעך און פריש
זעצט זיך צום טיש,
מאכט סעודת-מלך,
קוויקט זיך און טרינקט,
אידעלעך, זינגט
לעבעדיק, פריילעך!
אן וואג און אן מאָס
א כוס נאך א כוס —
האט ניט קיין מורא,
קוויקט זיך און טרינקט,
אידעלעך, זינגט
לכבוד התורה!..

* * *

אך, אידישע שמחה׳ס
און אידישע לידער!
זאגט, זאגט מיר, איך בעט אייך,
דערקלערט דאס מיר, ברידער?
פארוואס ווערט פון זיי אזוי שווער?
דאס הארץ ווערט פארקלעמט,
דער קאפ ווערט געבויגן,
און אפט גאר ניט ווילנדיק
טריפט אין די אויגן
א הייסע, א ביטערע טרער?!..
פיל מאל האט דאס גליק אונז
זיין פנים געוויזן

די זון פון נצחון
געשיינט און געבליצט;
מיר זיינען געווען
שטארק ווי די ריזן —
און דאך, ברידער, האבן
מיר נאך ביז איצט
קיין איינציקן יום=טוב
וואס זאל ניט דערמאָנען
אף אונזערע אלטע,
צעריסענע פאנען,
אף אונזער צעבראָכענעם שווערד;
אף יענע גבורים,
וואס זיינען געשטארבן,
אף יענע מזבחות,
וואס ליגן פאַרדאַרבן,
צעשטויסן, צעשפרייט אף דער ערד;
קיין ליד, וואס זאל האבן
צוויי פריילעכע ווערטער,
צוויי ליכטיקע ווערטער,
וואס זאל זיך אין זיי
ניט הערן קיין ביטערער
בייזער געלעכטער,
פון שאנד און פון וויטאָק
קיין ווילדעס געשריי...

* * *

גרויסער, ליבער יום=טוב, שמחת=תורה!
הויך און ליכטיק שיינט דיין העלער שטערן.
פאר אזעלכן יום=טוב, כאטש פאר איינעם,
איז כדאי צו פאסטן צען תענתים...

# גלות־ און ציון־לידער.

---

## צו מיינע לעזער.

ברידער מיינע, ליבע ברידער!
פול מיט לייד און שאַנד —
זינג איך ווייטער מיינע לידער
פון אַ ווייטן לאַנד.

פון אַ געגנט, וואו דער הימל
רעגנט קלאָג און לייד;
און א טיפער, שוואַרצער דרימל
ליגט אַף אַלץ פאַרשפּרייט.

בעט פון מיר קיין זיסע שטימען,
בעט קיין פרייעס ליד:
אַף מיין פידל ליגט דער סימן
מיטן שטעמפּל „איד!"

אוי, דאָס איז אַ טיפע חתימה
אַף מיין קראַנקעס האַרץ,
און עס גיסט זיך פון מיין שטימע
נאָר געוויין און שמאַרץ!..

---

## זאַמד און שטערן.

עס שיינט די לבנה; עס גלענצן די שטערן;
די נאַכט שוועבט אַף בערג און אַף טאָל...
דאָס אַלטיטשקע ביבעלע ליגט פאַר מיר אָפן,
איך לייען עס, לייען עס טויזנטער מאָל.

איך לייען די הייליקע, טייערע ווערטער,
מיר הערט זיך א שטימע: „איך שווער —
מיין פאָלק, דו וועסט זיין ווי די שטערן אין הימל,
ווי זאַמד אַפן ברעג פונ׳ם מער...״

רבנו של עולם! עס ווערט ניט פארפאלן
פון דיינע הבטחות קיין איינציקעס ווארט:
מקוים מוז ווערן דיין הייליקער ווילן,
אלץ קומט אין זיין צייט, אף זיין אָרט.

און איינס איז שוין טאַקע מקוים געווארן —
דאס פיל איך, דאָס וויים איך געוויס:
מיר זיינען געוואָרן ווי זאַמד, וואָס איז הפקר,
וואָס יעדערער טרעט מיט די פיס...

יא, גאטעניו, אמת, ווי זאַמד און ווי שטיינער,
צעשפרייט און צעווארפן אַף שאַנד און אַף שפּאָט...
נו, אָבער די שטערן, די ליכטיקע, קלאָרע —
די שטערן, די שטערן — וואו זיינען זיי, גאָט?!...

---

## שווער צו זינגען.

לידער דורכגעגליט פון צאָרן,
לידער אנגעזאפט מיט פיין;
אויסגעלאָשן איז געוואָרן
זייער היץ און זייער שיין.

עלנד קינד מיינס! שווער צו זינגען
ווען עס גייט די שטורם־נאַכט,
ווען די שווערע קייטן קלינגען
און דער בייזער תלין לאַכט!...

זעסט? א שווארצע קברות־גאָרטן
האט באפלאנצט אי בארג, אי טאל:

ניט קיין בוימער וואקסן דאָרטן —
תליות, תליות אָן א צאָל...

קינד מיינס, קינד מיינס! שווער צו זינגען
ווען עס רוישט די שטורם־נאכט,
ווען, ווי גלעזער, קייטן קלינגען,
און דער בייזער תלין לאכט!...

ס'ברענט און פלאמט דאס הארץ פון צאָרן—
און דעם פלאם פארלעשט דער ווינט,
ווי א שפינוועבס — פון א דארן
פלאצט די סטרונע... עלנד קינד.

יתום מיינער! שווער צו זינגען
ווען עס רוישט די שטורם־נאכט,
ווען די קייטן קלינגען, קלינגען,
און דער תלין — לאכט און לאכט!...

---

## אַ חדר־מעשה.

### I.

זיבן יאר איז מיר געוואָרן —
און די מאמע, זאָל געזונט זיין,
האָט געזאָגט: „נו, צייט אין חדר,
צייט אין חדר גיין, מיין קינד,

אויס, א סוף, גענוג געהוליעט
אף דער וועלט, ארומגעפלויגן
פריי און גליקלעך, ווי א פויגל,
פריש און פריילעך ווי דער ווינט;

צייט אין חדר — קדיש מיינער!" —
און אברהם'ל דער באהעלפער —

פון די חדר — קאנטאניסטן
דער בארימטער קאָמאנדיר —

האָט מיך איינגעהילט, פארוויקלט
אין אן אלטן, געלן טלית
(אונזער אלטע אוניפאָרם,
אונזער אידישע מונדיר)

און אוועק מיט מיר אין חדר.
ס'איז געווען א וואונדער־שיינער,
פרישער, ליכטיקער פרי־מאָרגן,
שיין און ליכטיק, ריין און פריש —

האבן שטראלן זיך געגאָסן
דורכן פענסטערל אין חדר
און געפונקלט אפן רבי'ן,
אפן סידור, אפן טיש.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן
דער עקזאמען: „—זאָג נאר, בחור,
וואס איז דאס? „—אן אלף". „ריכטיק,
דאס?"—„א הי". „— און דאָס?"—„א תו".

און בא יעדן אות, פאר יעדן
ענטפער, פאלן מיר פון אויבן
לעקעך, ראזינקעס, קאָנפעקטן,
נים און מאנדלען אן א סוף.

און דער רבי, רב בנימין
(זאל א ליכטיקן גן־עדן
האבן) זאגט: „דו זעסט? דאס ווארפן
דיר מלאכים, ליבעס קינד.

זאלסט מיט חשק לערנען תורה,
לערנען תורה, לערנען חכמה,

און גערייננק, מיין קינד, ווער ס'וויל ניט
לערנען, בלייבט אף אויביק בלינד"...

## II.

טעג און יארן, לאנגע יארן
זיינען שוין אוועק פון דעמאלט...
איך געדיינק דעם רבי'ס ווערטער,
איך געדיינק זיי גוט און קלאר:

„לערנען תורה, לערנען חכמה;
בלינד איז דער, וואס וויל ניט לערנען"...
אמת, רבי, אמת; אָבער —
ווילדע זאכן קומען פאר,

שרעקלעך — ווילדע, און זיי ברענען,
שטעכן, עקבערן מיין מוח...
איצט, ווען לערנען איז מיין חיות,
לופט און ווארימקייט פאר מיר,

ליכט און קראפט און טרייסט אין לעבן,
אין מיין ביטערן, פארסמ'טן
שקלאפן-לעבן, — איצט פארשליסט זיך,
האקט זיך צו פאר מיר די טיר,

לעשט זיך אוים דאס לעצטע לעמפל,
און עס הויבן אן צו פאלן
אן א צאל פון אלע זייטן,
פאלן, שיטן זיך ווי באב

שטיינער, שטיינער!... גרויסע, שווער'ע
שטיינער שיטן זיך און פאלן
אף מיין ברוסט, אין מיינע אויגן,
אף מיין אלטן, גרויען קאפ...

און זיי פליען און זיי פאלן
ווי א האגל אף די שוואכע,
גרינע זאנגען, ווי א האגל
אן א צאל און אן א מאס...

וואס=זשע איז דאס? וואס באטייט עס?
איז דען מעגלעך, אז מלאכים
זאלן שטיינער וואַרפן?!... רבי!
רבי! ווי געשיקט זיך דאס?...

נאר ניטא, ניטא קיין ענטפער,
וואלקנס שוועבן אפן הימל,
טייכן פליסן, ווינטן רוישן —
און קיין איינציק, איינציק ווארט

הערט זיך מיר ניט אין דער פינסטער...
אוי, ניטא, ניטא קיין ענטפער
פון דעם רבי׳ס שטומען קבר,
פון דעם אלטן הייליק ארט!..

---

## צוויי טראיקעס.

### א.

דער שניי איז געגאנגען צוויי טעג נאכאנאנד,
א שליט=וועג א חיות געווארן,
די פערדלעך שטייען אין שליטן געשפאנט,
אלץ גרייט שוין און פארטיק צום פארן.

אַי, פערדלעך חיות! נו, זעץ זיך און פאר! —
מיט צאצקעס געטאקט איז דער שליטן,
צוויי פערד פון די זייטן — ווי הירשן א פּאָר.
א לעמפּערט, א לייב אין דערמיטן.

דער קוטשער נעמט באלד אלע לייצן אין האנט:
—„נו, קינדערלעך, לעבעדיק, פריילעך!״
דעם שליטן כאפט אוף מיט אמאל ווי א בראנד...
— שטיי, אייל זיך ניט, ווארט־ווארט, פאַמעלעך!

ניין, ברודער, אומזיסט! ווי א פויגל, א ווינט,
א פייל פונ׳ם בויגן, א וויכער,
זיי לויפן, זיי שוועבן, — זיי פליען, געשווינד,
וואס ווייטער — אלץ גיכער און גיכער.

דער וועג איז אין פעלד ווי א לאקשנברעט גלאט,
די זון שיינט פון אלע פיר זייטן,
דער קוטשער—א מזיק, די פערדעלעך—זאט,
די גלעקלעך קלינגען פון ווייטן.

פארט, פריצים, קאטאיעט זיך, — גליקלעכע טעג!..
נאר ווארט נאר, וואס איז דאס? פאָסטאָי־קאַ!
ווער קריכט דאס דארט? אי! אַי! אראפ פונ׳ם וועג!!...
— דאס שלעפט זיך די אידישע טראיקא...

ב.

א וואגן — א פאלאץ! — די בויד איז געוועבט
פון גאנצע תרי״ג אלטע שטיקלעך,
די אַקסן מיט וואקס פון הבדלה געקלעפט,
די רעדער געבונדן מיט שטריקלעך.

דריי קליאטשעס — דריי אדלערס! דריי לייבן א שרעק!—
זיי שפרינגען, נו טאקע ווי זשאבעס...
ישראל׳יק פארט, פארט און פארט אָן אַן עק,
אהיים צו פאָספּייען אף שבת...

א היים... אוי, ווי ווייט נאך, ווי ווייט איז זיין היים,
ווי שווער, נעבעך, איז די נסיעה:
עס זינקען די רעדער אין שמוץ און אין ליים,
כאטש טרייבט זיך, כאטש קריך אף דער תליה!

עס זינקען די רעדער, עס טרעסטשעט דער סכך,
די זאַוויעסקעס סקריפּן און קנאַקן,
אַט, אַט איז אַ גרוב, אַ פאַרזינקעניש — טראַך!
ער פליט און צעבּרעכט האַלז און אַקן..

נאָר האָט ניט קיין מורא: ישראל'יק איז קלאָר,
איז בקי אין הלכת־עגלה;
ער שלעפּט זיך דאָך שוין כמעט צוויי טויזנט יאָר,
דאָס איז דאָך פון אייבּיק זיין ראָלע...

ער שלעפּט זיך דורך פעלדער און וועלדער אַ ים,
ער בּלאָנדזשעט אין סטעפּעס, מדבריות,
ער האָט שוין געפילט און ער ווייסט שוין דעם טעם
פון אַלערליי בּיטערע צרות.

ער האָט שוין באַגעגנט אי לייבּן, אי הינט,
אי לצים, אי שליינג, אי גזלנים;
עס האָט בּיזן בּיין אים געשמיסן דער ווינט
דער האַגל — געפּאַטשט אים אין פּנים.

עס איז אָבּער גאָרניט געוואָרן פון דעם:
— בּילט, כלבים, עד לב השמים!
זיין טראַיקעלע שלעפּט זיך נאָך, בּרוך־השם,
ער לעבּט נאָך און פאַרט נאָך עד היום.

פיל טראַיקעס געוואָרן שוין הינקעדיק, בּלינד,
פיל גלעקלעך צעבּראָכן, פיל בּייטשן צעריסן,
עס איז שוין קיין זכר ניטאָ פון די הינט,
וואָס האָבּן אַמאָל אים געבּיסן.

עס איז ניט געבּליבּן אפילו דער אָרט
פון טויזנט פּאַטשטאָווע קוריערן און רייטער,
און זעט נאָר, ישראל'יקס טראַיקע — זי פאָרט
זי שלעפּט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער...

די אידישע טראַיקע — איר קענט זי, איר ווייסט?
מיר האבן אף איר א חזקה...
די אלטיטשקע אידישע טראיקע — זי הייסט:
ותשובה ותפלה וצדקה!...

---

## דער פרילינג.

### I.

דער פרילינג גייט מיט בליץ און דונער,
מיט העלע שטראלן, פרישע לופט...
איך הער א ליבע, זיסע שטימע --
זי קלינגט און לאַכט, זי זינגט און רופט:

צו מיר, אין מיינע גרינע גערטנער,
אף מיינע פעלדער פריש און פריי;
דארט הערשט פון אויביק און ביז אויביק
דער ליבער, שיינער קעניג מאי!

ער גייט באקראנצט מיט פרישע רויזן,
באשפריצט מיט טוי, ער שיינט און בליט;
און גרינעס גראז און בלומען וואקסן
דארט וואו ער גייט אף יעדער טריט.

ניטא פאר אים ניט רייך, ניט ארעם,
ניטא פאר אים ניט קליין, ניט גרויס
ניט קיין שטארקער, ניט קיין שלאפער...
צו מיר—רופט ער — פאראויס! פאראויס!

צו מיר, צו מיר, איר קרומע רוקנס,
פארוויינטע אויגן, קראנקעס הארץ!
איך וועל פאריאגן אייער טרויער,
איך וועל פארהיילן אייער שמארץ!

II.

אך, איך וויל און טאר ניט זינגען, —
וויינען, זיפצן מעג איך נאר...
ווייל איך בין, מיין קינד, אן אבל
שוין כמעט צוויי טויזנט יאָר.

* *
*

אלטע, אלטע קברים רינגלען
מיך ארום אף יעדן טריט —
און באקלאגן זיי אף אויביק,
און פארגעסן — קען איך ניט!...

אלטע בילדער, אלטע לידער,
אלטע שמארצן אן א צאל...
וויין מיין קינד, באגיס מיט טרערן
פעלד און גארטן, בארג און טאָל!

וויין, באגיס מיט הייסע טרערן
יענע וויסטע, טויטע פעלד,
וואו עס ליגט באגראָבן אונזער
אלטע האפנונג אף דער וועלט.

רייס צעגראב די אלטע קברים!
רוף ארוים פון זיי צוריק
אונזער אלטן מוט און גלויבן,
אונזער אלטן פרייד און גליק.

---

## דער מאמעס קלאג.

אין שטויב און אין שמוץ
פארלארן איר גוטס,
פארלארן איר לעצטע נחמה...
פארטריקנט, פארבליט

און קוים וואָס עס גליט,
עס האַלט זיך אין איר די נשמה...

זי ליגט נעבן וועג...
עס ציען זיך טעג,
עס גייען חדשים און יאָרן,
זי טראַכט אָן אַ שיעור:
„— וואָס איז דאָס מיט דיר,
מיין זון, מיין בן־יחיד, געוואָרן?

אויב גוט איז דיר דאָרט,
דערמאָן זיך דאָך פאָרט,
ווי מיר איז באַשערט זיך צו מיען,
דערמאָן זיך, ווי לאַנג
ליגט עלנד און קראַנק
די אַלטע אלמנה פון ציון!...

און אויב דיר איז שווער,
טאָ קום־זשע אַהער,
קום קינד מיינס, אַהיים, צו דיין מאַמען:
צוזאַמען אי פרייד
געניסן, אי לייד
און לעבן און שטאַרבן צוזאַמען!..“

---

## ציון.

ווי וואָלקן אין שטורם־ווינט, לויפן און פליען
אָן אָנפאַנג, אָן אויפהער די שטונדן און טעג;
די אַלטע אלמנה — די טאָכטער פון ציון
זיצט טרויעריק, איינזאַם באַם וועג...

פיל רייזנדער פאָרן פאַרביי איר און גייען,
זי ווענדט זיך צו זיי מיט אַ ביטער געוויין:

אך, זאגט מיר, צי האט איר מיין קינד ניט געזעען,
מיין עלנדן יתום?... „—ניין, אלטיטשקע, ניין!"...

זיי גייען און רייטן
פון אלע פיר זייטן
צום אלטן מזבח אין הייליקן לאנד...
די טאכטער פון ציון
טוט וויינען און קניען,
אין שטויב צו פארבארגן איר וויטאק און שאנד...

עס גייען און גייען א טאג נאך א טאג,
עס פליען די וואלקן, עס יאמערט דער ווינט;
און טרויעריק גיסט זיך א ביטערער קלאג:
„—וואו ביסטו, וואו ביסטו, מיין קינד?!"

---

## שולמית.

שולמית זינגט,
שולמית זינגט,
אין אלטן איילבערט-גארטן...
א יונגער קול,
א ליבער קול,
צעגיסט זיך זיס פון דארטן
זי זינגט, זי רופט:
„דו, העלע לופט,
דו, הייסער, טיפער הימל.
וואכט אוף פון שלאף!
זאל זיין א סוף
צו אייער אלטן דרימל.
צינד אן, דו, נאכט,
אין הימל פראכט
דיין שטילן, בלויען פייער...

איר הערט? איר זעט?
מיין חתן גייט,
מיין ליבער גוטער, טרייער...
ווי מיד איז ער!
ווי ביטער, שווער
איז אים דער וועג געוועזן!
געקריינקט, געדארט,
און אליין געווארט
ווען גאט וועט אים דערלייזן.
שטיי אויף־זשע היינט,
מיין טרייסט, מיין פריינט!
ווער פריש און פרײלעך ווידער,
פארגעס דיין לייד,
וועק אויף דיין פרייד,
גלייך אוים די קראנקע גלידער!
קום, קום צו מיר
איך וועל מיט דיר
מיין קראפט און האפנונג טיילן
דו זאלסט קיין טרער
נים ווימן מער,
דעם לעצטן קומער היילן!״...
שולמית זינגט!..
ווי זילבער קלינגט
איר ליד — און רויזן בליען...
שולמית זינגט,
שולמית זינגט,
דאס נייע ליד פון ציון!...

---

## אייניקלעך.

איר הערט פון דערווייטן א וויינענדע שטימע?
דאס קלאגן זיך, עלנד און ארים,
די חורבות פון ציון; דאס זיפצן און וויינען
די אלטע צעבראָכענע קברים,

דאס וויינען די הייליקע אלטע מצבות —
פארשוואַרצט און פארפינסטערט געווארן;
דאס וויינט אונזער מאמע, וואס איז בא די קינדער
אף אייביק ארויס פון זכרון...

* *
*

דערקלערט דאס מיר, פריינט מיינע טייערע,
איך קען דאס אליין ניט פארשטיין;
ס'איז ממש דאך גאר א פארדרייעניש,
וואס איז דאס מיט אידן געשעען?

דאס בעסטע, דאס פיינסטע, דאס טייערסטע,
פיל מער פון דער גרעסטער רוחה,
פלעגט זיין בא אונז יחוס: אַי, גאָטעניו,
דער ווארצל, דער שטאם, די משפחה!...

א קלייניקייט עפעס — אן אייניקל!
א צווייגעלע פון עץ־החיים,
רב נחומ'צעס אדער רב דוד'לס
א לעבעדיק שטיקל שירים!..

און קיינער זאל גארניט דערמאנען זיך
אף דעם, אז מיר האבן פארצייטן
אויך זיידעס געהאט, ניט צו שעמען זיך
מיט זיי ניט פאר גאט, ניט פאר לייטן,

משה רבינו און דוד המלך,
און גדעון, און שמשון, און דבורה,
יענע גבורים, וואס האבן געווארפן
אף אונזערע שונאים א מורא;

יענע גבורים, וואס וואלטן אודאי
געוויינט מיט די בלוטיקע טרערן,
ווען כאטש א הונדערט־טייל וואלטן זיי וויסן,
וואס אידן אמאל וועלן ווערן:

אויסגעדארט, אויסגעקווארט, וואוינען אין שכנות,
אין פרעמדע געדונגענע דירות,
דארט וואו געטאגט — ניט גענעכטיקט בא לייטן
און צאלן זיי אייביקע שכירות...

---

## חנכת־הבית.

...ואין לנו רשות להשתמש
בהן אלא לראותן בלבד...

ווידער ברענט דאס אלטע לעמפל
אפן הויכן, שיינעם ארט.
יעדעס הייזל איז א טעמפל,
א מזבח פינקלט דארט.

וויפיל צייט איז שוין אריבער,
ס׳קלאפט די עלטער שוין אין טיר...
נאר מיר דאכט זיך, אז דער ליבער
זיידע ווידער רעדט צו מיר:

—„זעסט, מיין קינד? אכט גרויסע שטערן
גייען אוף אין הימל־פראכט,
און די שאטנס בלייכער ווערן,
העלער ווערט די שווארצע נאכט.

„ריין און הײליק, ליב און טײער
דארפן אונז אף אײביק זײן
זײער שמילער, מילדער פײער,
זײער ליכט און זײער שײן:

„פאר אן אײביקן זכרון
פון דעם נס אין יענע יאָרן,
ווען מיר האבן מיטן שווערד
אונז די פרײהײט אומגעקערט,

„האט אונז גאט די ליכט געגעבן:
נוצן זײ דערפאר אין לעבן
טאר מען ניט — א גרויסע זינד
וואלט עס זײן, מײן ליבעם קינד!"...

נײן, זײדע! שוין צוויי טויזנט יאר אז עס ברענט
די הײליקע מנורה, — און מיר?
מיר זיצן צונויפגעלייגט רואיק די הענט,
מיר זיצן פארחלומט, מיר זיצן פארבלענדט,
מיר זיצן און קוקן אף איר.

נײן! גרויס איז די ארבעט, וואס ליגט אף אונז; שווער
און ווייט איז דער הײליקער צוועק,
דער צוועק, וואס דארף זײן אונזער אײנציק באגער,
וואס רופט אונז צו שטרייטן אן אײזן-געווער,
אן פײער, אן צארן, אן שרעק...

שווער, זײדע, און גרויס איז די ארבעט! פיל טעג
און נעכט וועלן לאַנגזאם זיך ציען,
ביז וואנען מיר וועלן דערגרייכן צום ברעג...
מאן ברען-זשע און שײן און באלייכט אונזער וועג
דו, הײליקע מנורה פון ציון!...

ווי לאנג זאל ניט זיין נאך אונז פינסטער די נאכט,—
דו ביסט אונזער האפנונג, דו ביסט אונזער מאכט,
דאס גאנצע, דאס לעצט־ביסל חיות;
דו דארפסט אונזער פירער און וועג־ווייזער זיין,
עס זאל אונזער ארבעט באלייכט דיין שיין,
ליכט, ליכט פון חנוכת הבית!...

---

## שטיי אוף.

ניין ליבער, ברודער, ארימאַן!
שטיי אוף! שטיי אוף! עס איז פאראן
א גאט א שטארקער, ליבער,
וואס מאכט אין לעבן אלע גלייך,
פון טרויער— פרייד, פון ארים—רייך,
פון שלאַפסטן קינד — א גבור...

ניט פרעג באם רב, ניט פרעג באם גביר;
די אלטע צרות וועלן דיר
דעם רעכטן וועג באווייזן.
שטיי אוף! שטיי אוף! וואש אָפּ דיין שטויב
וואס פלעגט דיך מאכן בלינד און טויב;
זיי שטייף און הארט ווי אייזן!

גענוג, גענוג צו קנעטן ליים...
שטיי אוף! די מאמע רופט א היים!:..
זאלסט ווי אן אדלער פליען!
א וועג א נייער הויבט זיך אן;
הויב אוף דיין גרויסע אלטע פאָן,
די פאן, די פאן פון ציון!...

---

# ראמאַנטישע און לירישע לידער.

## די ווילדע טויב.

צום גראניטן-פעלז איר ברוסט
ליבלעך צוגעפרעסט —
איינגעשלאָפן איז אַ טויב
אין אַן אָדלער-נעסט.

אדלער-טרוימען, אדלער-גייסט,
אדלער-קאמף און זיג,
האָבן זי באשפינט, באוועבט
און פארוויגט איר וויג — — — —

אין דערהיים פון דעמאלט אן
לעבט זי איינזאם, שטום;
„ווילדע פויגל", „ווילדע טויב"
רופט מען זי ארום.

„ווילדע!" קרייט די שווארצע קרא
„ווילדע!" זומט די פליג — — — —

———

יוגנט-טרוים! מיין טויבן-שלאף
אין דער אדלער-וויג! — — — —

## צוויי אויגן.

אך שמייכל, שמייכל, מיידעלע!
עס קומט אַ רעגנבויגן
מיט הימל-בלוי, מיט הימל-גלאַנץ
פון דיינע ליבע אויגן.

און דאָך... און דאָך — צוויי אַנדערע:
זיי לייכטן שטיל און זעלטן,
דאָך גאַנצע הימלען עפֿנען זיי,
באַדעקן גאַנצע וועלטן.

מיטן רעגן־טוי, מיט רויזן־שטויב,
מיט גלוסט, מיט ריינעם, פֿיינעם, —
די צוויי, די צוויי חן־גריבעלעך
באַם קלאָרן שמייכל דיינעם.

---

## די נאַטור.

ליכטיק שיינט דער אוונט־שטערן;
שאָטנס ליגן אויף די פֿעלדער;
פֿייכטע קילקייט ווייט און גיסט זיך
פֿון די גערטנער, פֿון די וועלדער.

און די גרויסע, אַלטע בוימער
שאָקלען מיט די גרינע בלעטער,
און מיר דאַכט זיך, אַז זיי רוישן:
„— זע, ווי פֿריש איז דאָ דאָס וועטער!"

טראָפּנס טוי, ווי פּערל, גלענצן
אין די לעצטע אוונט־שטראַלן,
אין די פֿייכטע, גרינע טאָלן
שלאָגן פֿרישע, קאַלטע קוואַלן...

„קום אַריין אין וואַלד! מיר וועלן
דיך דערפֿרישן און דערקרעפֿטן...
ווי מיט ווייכע, גרינע פֿאָדעם
דיך באַשפּינען און באַהעפֿטן...

„מיט אַ שטילן, זיסן דרימל
וועלן מיר דיין האַרץ באַוויעגן,

מיט א ליבן, זיסן חלום
דיך דערקוויקן און דערפרייען"...

און פון וואלד, מיט זיסע פרישקייט
אָנגעטרונקען, אָנגעזויגן,
גיי איך צו דעם גרויסן אפגרונט,
וועלכער ליגט פאר מיינע אויגן.

ליכטיק שיינען, ליכטיק גלענצן
אין דעם רייטן, פורפור־העלן
לעצטן אפשיין פון די שטראלן
די באגאלדעטע, בלויע וועלן.

אף די בלויע, שטילע וועלן,
וועלכע גלענצן ווי א שפיגל,
שוועבט א זעגל, שוועבט און פלאטערט—
ווי א גרויסער, ווייסער פליגל.

אף די שטילע, בלויע וועלן
שווימט א שיפעלע א קליינע;
און פון שיפל הער איך שטימען,
— יונגע שטימען, זיסע, ריינע...

יונגע, זיסע שטימען זינגען,
פון די שטורעמס, פון די ווינטן;
פון די שיפערס, וועלכע שטרייטן
מיט די גרויסע, בייזע אינדן,

וועלכע שווימען אף דעם אפגרונט
ווייט, אין יענע שיינע, פרייע
לענדער, וואו די זון שיינט אייביק,
וואו עס לעבן גוטע, טרייע,

ליבע מענטשן, גלייך ווי איין
גרויסע, גליקלעכע משפחה,—

און ווי שטארק איז ז״ער פריינטשאפט,
זייער פרידן און הצלחה...

„— נו־זשע, ברידער! — אין דעם זעגל
בלאָזט דער ווינט!.. נו, גיכער, גיכער!..
אונזער שיפעלע וועט פליען
אף די אינדן, ווי א וויכער...

„וואלקנס שוועבן אף דעם אפגרונט;
שווער אין שטורם איז דאס שווימען,
נאָר — פּאָראויס... מיט האפנונג, ברידער!״
זינגען פרישע, יונגע שטימען.

יונגע, זיסע שטימען זינגען,
און איך זינג מיט זיי צוזאַמען;
טיף אין הארצן פיל איך פליסן
נייע קרעפטן, נייע פלאַמען:

נייע האפנונג טריפט, ווי טראפנס
קאלטע וואסער אף דעם גומען
פון דעם קראנקן... אך, א דאנק אייך,
בוימער, זאנגען, גראָז און בלומען.

פרייע פויגל, בלויע וועלן,
פונ׳ם טיפן, הייסן הארצן,
צווישן אייך האב איך פארגעסן
מ״נע אלטע, גרויסע שמארצן!

---

## ליד דער ארבעט.

פאר אייך, מיינע ארימע ברידער און שוועסטער,
וואס זיינען צעזייט און צעשפרייט אף דער וועלט
וואָס קריכן און בלאנדזשען אף טוויזנטער וועגן,
אין רעגן, אין שטורם, אין היץ און אין קעלט.

פאר דיך, אוי, דו אייביקער קרעכצער און זיפצער,
פארשווארצטער, פארקלאגטער, פאריאמערטער איד,
טוט שאלן און זינגען און הילכן און קלינגען
מיין פרישעס, מיין לעבעדיק-פרייילעכעס ליד.

אין טויזנטער שטראמען גיסט זיך דאס לעבן
און קומט פארט צום אלטן, צום אייביקן ברעג...
די וועלט איז פאר איינעם א בליענדער גארטן,
פאר טויזנט — א שווערער, אַ זומפּיקער וועג.

א, לויב און געזאנג דער מי און דער ארבעט!
זינגט, גריסט זיי פון הארצן, ליבנד און הייס!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאזאליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויס!

געבענטשט זאָלן זיין די ווערקשטאט, דאס שפינדל,
דער האמער, די סאכע, דער סערפּ און די זעג!
די וועלט איז פאר איינעם א בליענדער גאָרטן,
פאר טויזנט — א שווער און זומפּיקער וועג.

געשמאק זיינען, ברידער, דעם שררה׳ס מאכלים!
געשמאקער פון אלעם — דאס שטיקעלע ברויט,
וואס ציט זיך פון אייגענער, ערלעכער ארבעט
מיט שוויס און מיט מי, אבי נאר אן נויט.

געשמאק איז דעם שררה׳ס שלאָף אין זיין צימער,
אף ווייכינקע קיסעלעך, ווייס ווי דער שניי;
געשמאקער—א שלומער פארנאכט, נאך דער ארבעט
אין פעלד, אף א קאפּיצע פרישינקעס היי.

פיל ליכטיקער שיינט די זון נאך א רעגן.
די ווארעמקייט — ליבער און זיסער נאך קעלט;
נאָר די, וועלכע האבן דאָס אומגליק געָנאסן,
פארשטייען וואס גליקלעך-זיין הייסט אף דער וועלט.

די פייל איז פון שטאל, דער האמער—פון אייזן,
גאנץ איינפאך געמאכט און ניט איבעריק שיין,
מיט זיי אָבער מאכט מען דאס שווערד און דעם פאנצער
און טאקע די הייליקע קרוינען אליין.

דער סערפ איז פון שטאל, די סאכע—פון אייזן:
קיין צירונג קיין גרויסע זײנען זיי ניט;
אין זיי אָבער ליגט אונזער קראפט, אונזער לעבן,
אן זיי איז אוממעגלעך איין איינציקער טריט.

טא לויבט=זשע און זינגט דער מי און דער ארבעט!
זינגט, גריסט זיי פון הארצן, ליבנד און הייס!
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאזאליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

---

## א מעשה׳לע

פון א געוועזענעם ערד=ארבעטער.

א דערפל איז פאראנען
עס הייסט באָבראָווי=קוט,
אמאל איז דארט געשטאנען
מיין וויגעלע... און גוט

און זים איז מיר געגאנגען
אין יענער ליבער צייט:
דאָרט האבן געלע זאנגען
גערוישט פון יעדער זייט.

דארט האט די גרינע בלעטער
א ווינטעלע געוויגט;
א ליבעס, זיסעס ווינטער
מיין יונגע ברוסט געקוויקט.

עס האָרעווען דאָרט אידן
פון קינדוויין ביזן טויט,

און עסן דארט אין פרידן
אן אייגן שטיקל ברויט.

פארגאנגען זיינען יאָרן,
איך בין פון דאָרט אוועק —
בין צוגעגרייט געווארן
גאר צו אן אנדער צוועק:

נים מיט דער סאכע גיין
פון אָרימקייט און נויט,
און אקערן און זייען
אלץ פאר דער שטיקל ברויט.

ניין, שטארק איז ווי א צעדער
און שטאלץ מיין הארץ אין מיר;
מיין סאכע איז די פעדער,
מיין פעלד איז דאס פאפיר!

די פעדער איז מיין סאכע,
מיין פעלד איז דאס פאפיר,
און וואָס פאר מזל=ברכה
איז אָנגעגרייט פאר מיר!

— מען לעקט פון מיר די פינגער,
עס קלינגט מיט מיר א וועלט;
כאטש וואָס איז, דאַכט זיך, גרינגער —
מאַך לידלעך און נעם געלט.

יא, איך מאג זיין צופרידן,
נים ערגער ביזן טויט.
איינס פעלט נאָר, ליבע אידן,
נאר איינס —
דאס שטיקל ברויט!..

## צוויי טאָסטן.

ווי אויסגעטאקט פון אלטן העלפאנט=ביין
א הוילער שארבן, אויגן טיפע, בלויע
ווי ים=וואסער; א בארד א לאנגע, גראָע,
א מויל, אן איינגעפאלענעם, אן ציין,
א וואוקס א הויכער, אקסלען דארע, שמאָלע,
די ברוסט, דער רוקן—הויט און ביינער גאָלע...
א זאמד=אור האלט ער אין דער לינקער האַנט,
א קאָסע אין דער רעכטער... דורות בליען
און וועלקן ווי די בלעטער... יארן פליען
פארביי ווי שאטנס אף א ווייסער וואַנט...
ניטא פאר אים קיין שנאה, קיין רחמנות,
ניטא קיין פרייד, קיין לייד, קיין שמערץ, און וואונד...
פארצייטן איז געווען זיין נאמען „קראָנאָס",
די „וועלט=געשיכטע" — רופט מען אים אצונד...
דער אלטער אָפגאט שטייט און שווייגט, באהאלטן
אין טויטן גרויען נעפל אין דער הויך...
נאר ערגעץ דארטן, דורכן פולווער=רויך
אין קויטן=קלאַנג, פון אָפגרונט פונ׳ם קאלטן
צוויי טאָסטן הער איך קלינגען שטאַרק און הויך.

I.

מיט ליכט פארגאסן איז דער זאל,
דער טיש באפוצט מיט פרישע בלומען;
שאמפאניער פליסט ווי פון א קוואל...
עס קלינגט און זינגט דער גאנצער זאל
א וויוואט! —„ניי=יאָר איז געקומען!"...
א בירגער=יום=טוב איז אין לאנד,
כ׳סוז אויך מיין בירגער חוב דערפילן,

כ׳מוז נעמען אויך א כוס אין האנט
און נאכן טאַקט א וויוואט שפּילן...
ניין, ניין, לאזט רואיק שטיין דעם ווײַן —
כ׳דארף קיינעם ניט מטריח זיין:
מיין כוס איז לאנג שוין פול געוואָרן
מיט גיפט און האַס, מיט פּיין און צאָרן, —
כ׳גיס אוים אים דיר אין פּנים היינט,
עס זאל אין היץ, אין קעלט, אין רעגן,
וואוהין דו וועסט זיך נאר באַוועגן,
באַגלייטן דיר אף אלע וועגן
מיין ליד, מיין פּיין; א, בייזער פיינט!...

## II.

די נאכט איז טויב, די נאכט איז שטום
און שרעקלעך פינסטער איז ארום...
מיין פריינט! פון שטאָל איז אויסגעגאסן
דיין גייסט, ער פלאמט מיט העלדן מאכט;
דיין הארץ פאר טרייסט איז ניט פארמאכט,
דיין טיר פאר האפנונג ניט פארשלאָסן;
עס זיינען אבער דיק די ווענט
און שטארק די שלעסער און די ריגלען, —
און דו פארבּרעכסט מיט פּיין די הענט,
די פעסט פארשמידטע אדלער=פליגלען...
א יאר אוועק... ס׳איז ניי=יאָר היינט —
און דורכן נעפּל דורכן שווארצן
באַגרים איך דיך, מיין חייטער פריינט,
פון טיפן ברידערלעכן הארצן
מיט איין געפיל, מיט איין באַגער:
עס זאל אין שווערן קאמף און שטרעבן
פארזיסן דיר מיין הייסע טרער
דעם גיפט פון דיין פארסמ׳טן לעבן!..

# קריטישע לידער.

## פאַנטאַזיע

דער מענטש איז א סוחר,
די וועלט א יריד;
מ'האנדלט, מ'וואנדלט
מ'קאכט און מ'זידט,
ס'איז ממש גאר רעכט
א כפרה צו ווערן,
אבי צו באקומען
דעם רוח וואס מער...
אך ניין, ניט קיין רוח,
איך וויל, איך באגער, —
גיט אפ מיר צוריק,
דעם קרן, דעם קרן!..

איך האב אין דעם האנדל
דאך איינגעלייגט אלץ,
דאס טייערסטע גוטס אף דער וועלט:
מיין קינדהייט, מיין יוגנט,
מיין זין און מיין הארץ
האב איך אין סכנות געשטעלט,
געיאגט זיך נאך רוח —
נאך כבוד, נאך יחוס,
געארבעט, געקאָכט אָן א שיעור...
אך, ברידערלעך, לאזט מיך
ארויס שוין פון שותפות —
צו שווער איז דער האנדל פאר מיר!—

צו גרויס איז דער קרן,
צו קליין איז דער רוח...
נעמט, נעמט אייך אינגאנצן
די פרייד און דאס גליק,
אי יחוס, אי כבוד,
אי חכמה, אי גבורה,
מיר גיט נאר מיין יוגנט,
מיין יוגנט צוריק!

אך, גיט מיר צוריק
די גאלדענע יארן,
וואס זיינען פארגאנגען
אף אייביק פאר מיר,
אך, עפנט מיר אוף
דעם טויער פון גלויבן,
פון קראפט און פון האפנונג
די גאלדענע טיר!..

איר קוקט אף מיר, ברידער,
איר זיפצט, איר באדויערט
מיין ארימעס לעבן,
מיין נארישן זין...
אך, ארימע מענטשן,
אך, נארישע מענטשן,
איר ווייסט ניט,
פארשטייט ניט,
ווי גליקלעך איך בין! —
ווי גליקלעך איך בין
ווען, פריי ווי אן אדלער,
צעשפרייט זיינע פליגל
מיין גייסט און ער פליט
אהין, וואו עס שיינען
די אייביקע שטערן

וואו אייביקע יוגנט
דופטעט און בליט,
וואו אונזערע פריידן
און אונזערע ליידן
געפינען זיך ניט!..

---

## די קארטנווארפערקע.

א פאר פארדארטע, אלטע הענט,
נאר הויט און ביינער ווי די כארטן;
אַן אלטער שלייער אפן קאפ,
און אַלט פארשמאלצן פעסל קארטן.

אט האט איר זי ווי אָפּגעמאָלט,
די קארטנווארפערקע, א זקנה,
נישטא — זוכט אויס די גאנצע וועלט —
נישטא איר גלייכן, זי איז איינע.

דאס אלטע פעסל קארטן — אך,
רבותים, גיט מיר צו פארשטיין,
וואס פאר א כח ליגט אין דעם,
וואס קאן אלץ וויסן, הערן, זען?...

נו, גיכער, באבע, גיכער, נעם
צולייג די קארטן, מאך קיין שהיות:
דו הערסט, ווי שרעקלעך קלאפט מיין הארץ?
דו זעסט? — עס גייט מיר אויס מיין חיות...

נישט פון דערהיים בין איך צו דיר
געקומען; ניין, איך בין געוועזן
אין פיל מקומות און געזוכט,
געזוכט א מיטל זיך צו נעזן.

חכמים, לומדים, גרויסע לייט
די קרוין פון אונזער קאפּ, די צירונג
פון אונזער פאלק — איך האב געהאפט
פון זיי צו האבן אַ קורירונג.

צו זיי געווענדעט האב איך מיך
מיט אַ געבעט אין מיינע לידער,
איך האב געוויינט, געקלאגט פאר זיי:
אך, האט רחמנות, ליבע ברידער!

היילט אוים מיין הארץ, מיין קראנקעס הארץ,
פארשליסט דעם קוואל פון מיינע טרערן;
בלאזט אויף אין מיר א הייסן פונק,
צינדט אָן אין מיר א העלן שטערן.

קערט אום מיין הארץ, מיין קראנקע הארץ,
דעם אלטן הייסן, ריינעם גלויבן;
עס זאל די האפנונג נאך אמאל
ווי פריער שיינען מיר פון אויבן.

איך האב אמאל געהאט א גייסט
מיט גרויסע, שטארקע, ווייסע פליגל...
אַ ברוסט געקאוועט ווי פון שטאל
און אויגן העלע ווי אַ שפיגל;

איך האב געגלויבט: איך וועל מיין פאלק
פון שלאף ערוועקן און באפרייען;
זיין אלטע ברוסט, זיין אלטן גייסט
מיט קראפט באפרישן און באנייען.

איך וועל אים צייגן, וואו עס ליגט
דער רעכטער וועג, וואס וועט אים פירן
צו קראפט און לעבן, ליכט און גליק,
זיין קאפּ באקרוינען און באצירן.

איך האָב געגלויבט... און זעט, וואוהין
דאָס לעבן האָט מיך איצט פֿאַרטריבן!
פֿאַרביי מיין האָפֿנונג און מיין קראַפֿט,
נאָר טרערן זיינען מיר געבליבן.

איך זינג בײַנאַכט מיין קינה־ליד,
איך זינג — און מיינע שכנים זאָגן:
— „אַך, ווען וועט ער שוין שלאָפֿן גיין
און וועט שוין אויפֿהערן צו קלאָגן?!״...

חכמים, לומדים, גרויסע לייט —
איך בין אומזיסט צו זיי נאָך עצות
געגאַנגען. אַלע הערן מיך,
פֿאַרוואונדערט, קוועטשן מיט די פּלייצעס;

זיי ווייסן ניט, פֿאַרשטייען ניט
מיין שמערץ, מיין יאָמער טוט זיי שרעקן...
נו, באָבע, אפֿשר וועט די קאָרט
דעם רעכטן אמת מיר אַנטפּלעקן?

נו, זאָג־זשע, זאָג, וואָס זעסטו דאָרט? —
אַ בריוו?... אַ וועג?... נו, נו... אַ סבה?...
דו שווייגסט, דו לאָזט דעם קאָפּ אַראָפּ?...
דו וויינסט?... אַך, וויין ניט, וויין ניט, ליבע!

גיי, אַלטע, גיי געזונטערהייט!
דיין קאָרט וועט מיר קיין נייס ניט זאָגן...
איך ווייס מיין גורל אויף דער וועלט
און רואיק וועל איך אים פֿאַרטראָגן.

איך ווייס: מיין ליד איז ווי אַ קוואַל,
עס קען ניט אויסגעטריקנט ווערן;
נו, קלאָג־זשע, קלאָג, מיין ליד ביז וואַן
דו וועסט ניט אויסגיין אין טרערן!...

---

## נאכט־בילדער.

אך, ווי שמוציק פינסטער, נאס,
איז אף אונזער אלטער גאַס!
טירן, פענסטער שטייען אָפן
און דער עולם — אלע שלאפן;
שלאפן קינדער, שלאפן זקנים;
בלינדע, קראנקע — אלע אין איינעם!
אף דעם פארקן אויבן־אָן
שטייט און שרייט דער אלטער האָן —
שטייט און שרייט זיי חי וקים,
צו א לעבן, צו א נייעם
פונ׳ם שלאף צו וועקן זיי...
אך, אומזיסט איז זיין געשריי!..
שטארקער דארף מען זיין פון אייזן
דאס צו זעען, ליבער גאט!
קומט אביסל, כ׳וועל אייך ווייזן
ווי מען שלאפט באַ אונז אין שטאָט:

* *
*

דאס וועלטל דרייט זיך,
דאס לעבן גייט זיך:
מע לויפט,
מע וואנדלט,
מע קויפט,
מע האנדלט;
מען מאכט געשעפטלעך:
ביזן טויט
און מאקע אָפטלעך
זיצט מען אָן ברויט...

מען קריכט צום אסעסאר
מע לעקט אים די פינגער,
די מכה ווערט גרעסער,
דער בייטל ווערט גרינגער...
מע שיט כאבארלעך
אזוי ווי בארלעך,
מיט אַ קרעכץ,
לינקס און רעכטס...
מע פארט אין טאלנע
שירים כאפּן —
אז דער קוואַרטאַלנע
זאל מער ניט קלאפּן...
אין באלטע, אין האמעל
מאכט זיך א סבה:
מע כאפּט א פּאָגראמל
און מע זאגט „ספּאַסיבא"...
מע לויפט,
מע וואנדלט,
מע קויפט,
מע האַנדלט;
טרייבט מען פון מאסקווע —
לויפט מען אין האלע;
יאגט מען פון האלע --
לויפט מען אין שפּאלע;
פון שפּאלע טרייבט מען —
איז דארף מען זיך סטאַרן:
קאָן מען — בלייבט מען,
און ווארגט זיך, נארן!
אויב ניט — איז ווידער
א דריי די מאַשינע:
עט, רוסלאנד, ברידער
איז א גרויסע מדינה!

ניט דא — איז דארט,
וואס זאל מען מאכן?
און טאקע פארט
די אלטע זאכן:

מע לויפט,
מע וואנדלט,
מע קויפט,
מע האנדלט,
מע קלייבט א גבאי
הושענה־רבה,
מע כאפט עליות —
עס איז א חיות!
מע האט א שטאט
אין שול באם ארון,
מע גייט אין באד —
צו לאנגע יארן!
מע קלייבט רבנים,
מע הערט חזנים,
מע האלט א כאר, —
עס האט א פנים
פון דריי שווארץ־יאר!..

---

## א בריוועלע.

...מכתבך, חבר טייערער,
קבלתי, ווי די בינעלעך
די פרייליכע פון בינענשטאק
אין העלער זומער־שיין,
האט רוישנד זיך א שאט־געטאָן
א גאנצע מחנה גלענצנדע
זכרונות פון די גאלדענע

און ליבע קינדהייטס־טעג —
זכרונות פון א אידישע
דערשראקענע נשמה׳לע,
אַ צאפלדיקע טייבעלע,
וואס אפן ערשטן טריט
פון וויגל כאפט עס אומגעריכט
א שטויס, א שליידער... ארימע
און עלנדע יתומה׳לע!..
זכרונות... דו געדיינקסט?
אמאל, אין חדר גייענדיק,
פלעגט דער באהעלפער שלאגן אונז,
דערנאך אין חדר קומענדיק,
דער רבי געבן קלעפ;
געפייניקט און געקאטעוועט
פון דאנערשטיק ביז דאנערשטיק,
זיך קלאגן, דו, ליידאק!..
מסתמא, דו געדיינקסט זיי נאך
און שאַ! דער מאמען סמייע ניט,
די טעג, די זויסע, גאלדענע...
איצט פרעגסטו, חבר טייערער,
וואס הערט זיך נייס בא אונז
אין שטעטל? — עט, מ׳שטיינס געזאגט,
נייעס! גארנישט: אידן הונגערן
און קרייענקען ווי דער מנהג איז;
די גבירים העלפן זיי —
מיט איינגעמאַכטס, מיט לימנעס
(נאטירלעך, ווען זיי גוססען
אין בית־החולים אונזערן,
ניט אין דער היים בא זיך)...
אזוי איז פון קדמונים שוין
בא אונז אין שטעטל איינגעפירט,
אזוי ווי כמה אנדערע

מנהגים אױף דער װעלט:
צום בײַשפּיל נעמען: קריגן זיך
מיט זידלערײַען, שעלטעניש
און, אַז גאָט העלפט, מיט פּעטש אַמאָל
מה רעש? מען װערט אײַנגעװאױנט —
אַ פּאַטש איז קײן סכּנה ניט,
מ׳גײט צוריק מיט רוח נאָך
און װידער גוטע פֿרײַנט!..
איז מאַכט זיך אױף צו־להכעיס גאָר
בײַ אונדז אַזאַ מין קאָמעדיע:
צװײ בעלי־בתּים האָבן זיך
צוקריגט, און טרעף פֿאַר װאָס?
האַ? פֿאַר אַ שטאָט אין מזרח־װאַנט!..
אין קלױז בײַ אונדז איז קאַלט און פֿײַכט
און פֿינסטער, אַ דערשטיקעניש;
דאָס דאַך איז אַלט און פֿױל,
די װענט פֿאַרשימלט; יאָרן לאַנג
ניט רעמאָנטירט װי ס׳דאַרף צו זײַן,
אפֿילו ניט פֿאַריכט אַמאָל
קײן פֿענסטער און קײן טיר.
דער עולם רעדט: קײן עולה ניט
װאָלט זײַן, די „פֿאָן די גאָלדענע"
זאָל עפּעס טאָן, עס זאָלן זיך
אַ ריר טאָן פּונ׳ם שלאָף
די פּני, די פּריצים אונדזערע —
צײַט׳ כ׳לעבן, לאַנג שױן צײַט!
אין מיטן דרינען, אומגעריכט,
װערט אַ מלחמה... גאָט מײַן האַר!
עס דונערט און עס בליצט,
די גאַנצע װעלט גײט באַדראַס...
װאָס איז? היות אין מזרח־װאַנט
איז דאָ אַ שטאָט װאָס יעדערן

פארוועלט זיך זיצן דאָרט...
די שטאָט, באַדאַרף איך זאָגן דיר,
איז אײגנטלעך, א פרעמדע גאָר —
געהערט צו א פּאַראָרעמטן,
אַן אַלטן בעל־הבית;
דער בעל־הבית, פאַרשטייסטו מיך,
ליגט נעבעך אין שפּיטאָל בא אונז
שוין יאָרן־לאַנג... נאָר ניין, מיין פריינט,
וואָס טויגן חקירות דאָ?
דער עיקר איז — אין אָרימען,
אין וויסטן שטעטל אונזערן,
איז חושך!... ווי די הינט
אויף א נבלה, האָבן זיך
א שאָט געטאָן, א וואָרף געטאָן
דער שוואַרצער יאָר ווייסט ווער —
בינדיוזשניקעס און באָד־יונגען,
שכורים און אָסטראָזשניקעס...
עס פליען קלעפּ ווי האָליך,
בלוט שפּריצט און טרערן ביטערע
פאַרגיסן אונז, פאַרפליסן אונז...
אַן עולם־הפוך, ברודערקע,
א גהינום, ליבער פריינט!
עס ברענט, און מענטשן טרינקען זיך
אין לייד, אין פּיין, אין שרעקעניש...
שלעכט, ביטער!.. און באַם רב
זיצט אַן אסיפה: ס'האַלטן זיך
אַן עצה, קלערן, טראַכטן דאָרט
די בעלי־מוחות אונזערע,
און ריידן רעדט מען דאָרט
אַז פונם שלאַק פון אונזערן
וועט גאָר אַרויס איה״ש
אַ טובה פאַרן כלל:

מ׳וועט גבאים אויסקלייבן
גאר נייע... הערסטו? אמת׳ע
מתעסקים, רעכטע וועלט־טוער,
וואָס וועלן ווי א שטראם
פון אונזער לעבן אפשווינקען
דעם שאנד און שמוץ, דאס העסלעכע
און שווערע שקלאווערייי...
איך הער זיך־צו צו זייערע
הבטחות — בוימאייל ווארימע
צוגיסט זיך אפן הארץ בא מיר,
אַ חיות גייט ארום
אין יעדן גליד... אך, טייערער
און ליבער פריינט! דו קענסט דאך מיך:
איך בין ניט קיין פּאָליטיקער,
איך בין א פּראָסטער איד
אף קיין אסיפות גיי איך נים,
קיין עצות קהל גיב איך נים
און זאָג קיין דעות נים;
נאר אין מיין ארים ווינקעלע
פון קינדווייז עלנד זיצנדיק,
אוי, פיל איך יעדן שטאָך
און יעדן ברי!.. איךווארט. איך האָף
און גלויב — איך, קבצן בימערער,
איך קאליקע פּאַריאָמערטער,
דערשראָקענער, דערשלאָגענער,
איך ווארט, איך האָף, איך גלויב!..
דערווייל איז אָבער, ברודערקע
שלעכט, בימער!.. כל ישראל—שטייט—
חברים, און די קלעפּ,
די קלעפּ, די שווערע אייזערנע
כאַפּ איך דערווייל!.. די פּני,
די מיוחסים אונזערע —

זיי גרייטן זיך אין גיכן שוין
גבאים קלייבן... איינקע
געניסן שוין פארוים
די גדולה פון א גבאי זיין,
דאס מתיקות, דעם גן־עדן־טעם
פון זיצן אויבן־אָן...
און איך, איך קבצן פינסטערער,
פארגיי דערווייל פון נויט, פון פיין,
פון גוואלד, פון אַנגסט, פון שרעקעניש...
די לעצטע כחות צאנקען שוין,
דאס חיות גייט מיר אויס!..

---

איר הערט דעם קלאָג דעם ביטערן,
דעם יאָמער און געשריי?
זאגט, ליבע פריינט, וואס ענטפערט מען,
וואס ענטפערט מען אף זיי?!...

---

## דער טויטער חתן.

עס ברענט דער פראסט, די בוימער שטייען
ווי אין תכריכים אָנגעטאָן...
ווי אין אַ שדים־רומפל דרייט זיך
דער ווינט, כאפט אוף די ווייסע פאָן

און פאטשט און פלאטערט אין דער לופטן...
די וויגע קלאגט און ברומט, און זידט...
און אין דער פינסטער קלינגט פון קבר
אַ ליד, א ווילד און שרעקלעך ליד:

— "אאו! אאו!.. פלי, פלי, מיין קלאג־ליד,
אָף בערג און טאל, אף וואלד און טייך!..

חברים ליבע! ברידער מײנע!
אאוי... איך ליג און װאַרט אױף אײַך...

„איך ליג, פאַרװיגט אין זיסן חלום...
די נאַכט — זי ציט זיך אָן אן עק...
ניט ברײט, ניט לאַנג איז מײַן געלעגער,
צו־שװער אַ ביסל איז מײַן דעק...

„נאָר שטײט... װאַרט אױס... איר קענט מײַן כּלה?! —
מײַן גאָלדן האַרץ, מײַן זיסע טרײסט,
מײַן קרוין, די בת־מלכּה די קלאָרע?
און װײסט איר, װײסט איר, װי זי הײסט?

„אַ האַרץ, געװעבט פון מוי און שטראַלן,
פון יוגנט־פרײד, פון פרילינגס־לופט;
די אױגן אירע זײַנען בּליצן,
דעם אָטעם — רײנער בּלומען־דופט.

„זי גײט — און שטערנער זינגען שירה
מיט פּערל שיט דער װאַסער־פאַל;
פון יעדן בּליק בּליט־אױף אַ װײַנשטאָק,
אױף יעדן טריט פּליסט־אױף אַ קװאַל.

„דער װײַסער װאָלקן איז איר זעגל,
דער רעגנבױגן איז איר בּריק...
אַך, זאָגט־זשע, זאָגט — איר קענט מײַן כּלה,
מײַן גאָלדן האַרץ, מײַן טרײסט, מײַן גליק?

„אין „העלדן־גײסט” איז איר געבּורט־אָרט
אין „קאַמף און זיג” איז איר געצעלט...
„פרינצעסין־פרײַהײט”, „פאָלקס נשמה”
און „פאָלקס־גליק” הײסט זי אױף דער װעלט...

„איך בין געווען איר חתן... הערט איר?
ס'איז אלץ געווען מיר ליב און גוט, —
איך האָב מיט פרייד פאר איר געאָפּפערט
מיין הארץ, מיין גייסט, מיין מארך, מיין בלוט...

„דער טאטע האָט מיך אָפּגעוואשן,
ווי צו דער חופּה צוגעגרייט;
די מאמע האט א העמד א נייע,
א שניי־ווייסע העמד מיר אופגעגרייט;

„די פּושקעס האָבן ווי כלי־זמרים'ס
געשפּילט דעם חתן „מזל־טוב"...
פארהיילט געווארן אלע וואונדן...
א גוטע נאכט! א זיסער שלאף!..

„און קדיש זאָגט נאָך מיר דער זיידע,
ס'זאָל שטיל און זיס מיין רו מיר זיין...
נאָר וואס־זשע ווייסטו, אלטער זיידע,
פארברעכסט די הענט מיט קלאג און פּיין?

„צי אפשר מיינסטו ווירקלעך טאקע,
אז איך בין טויט?.. ניין, זיידע, ניין!
איך לעב, איך לעב! איך פיל! איך צאפל!..
אוים קדיש זאָגן! אוים געוויין!..

„איך לעב און פיל נאך הייסער, טיפער
ווי פריער, פול מיט העלדן־מאכט;
איך קוק מיט טויזנט העלע אויגן
גלי־דורך די קאַלטע, טויטע נאַכט!..

„איך אטעם איצט מיט טויזנט בּריסטן;
אין טויזנט הערצער קאָכט און זידט

מיט האַס און צאָרן, קראַפט און גלויבן
מיין בלוט, מיין קללה שאַלט און פליט.

„און פלאַמט און פלאַקערט אין דער לופטן...
איך כאַפּ אַרום מיט טויזנט הענט,
צעבייג, צעריים די אַלטע קייטן,
צעברעך, צעוואַרף די אַלטע ווענט!..

„וואַרט, עלנד פאָלק, דו, מלך אביון!
פאַרשטיק דיין לייד, האַלט איין דיין קלאָג,
ס'וועט אויפגיין דיין נחמה־שטערן,
ס'וועט קומען דיין דערלייזונגס־טאָג!"...

. . . . . . . . . . . . . .

עס ברענט דער פראָסט... די ביימער סקריפּען...
דער בייזער ווינטער רוישט און זידט..
איר, אַלטע, עלנדע און קראַנקע,
איר הערט דעם טויטן חתן'ס ליד?..

# פראזא.

## לכבוד התורה.

### I.

ווי א כלה, ווי א בת־מלכה, אנגעטאן אין אירע בעסטע, שענסטע קליידער, האט געשיינט די יונגע אומ־שולדיקע וועלט, פינף טויזנט זעקס הונדערט ניין און פער־ציק יאר צוריק.

ניט נאר דער וואונדערשיינערגארטן—דער גן־עדן, וואו עס האט אין אנפאנג געוואוינט דאס ערשטע פאר־פאלק, נאר אויך די גאנצע גרויסע וועלט האט געבליט און געדופטעט ווי א פרישער בלומען־שטאק, באליכטעט פון דער גאלדענער זון, באשפריצט מיט פרישן, זילבערנעם טוי.

קיין איינציקער זופץ האט זיך ניט געהערט אין דער לופט; קיין איינציקע טרער איז נאך ניט געפאלן אף דער פרישער, בליענדער, גליקלעכער ערד.

אונטער די גרינע איילבערט און ציטראנען־בוימער זיינען געלעגן און געווארעמט זיך קעגן דער זון די גרויסע, פורכטבארע לייבן און לעמפערטן, און נעבן זיי האבן זיך רואיק געפיטערט הירשן און אינדן, פי און שעפסן.

אף די צווייגן פון די הויכע, שטאלצע צעדערן זיינען זיך רואיק געזעסן אין זייערע נעסטן, איינער נעבן דעם אנדערן, דער גרויסער, שטארקער אדלער און דאס שוואכע, קליינינקע טייבעלע.

די בייזע שלאַנג און דאָס שלאָפֿע, אָרימע העזעלע האָבן געטרונקן פֿון איין קוואַל און איינס נעבן דעם אַנדערן זיך געלייגט אָפּרוען.

די גאַנצע, גרויסע וועלט, מיט אירע וועלדער און פֿעלדער, בערג און טאָלן, שטראָמען, טייכן און אָפּגרונטן, האָט געזונגען די גרויסע, הייליקע שירה — איר ערשטעס, שיינעס מאָרגן־ליד...

עס איז געווען דער זיבעטער טאָג — דער ערשטער שבת אויף דער וועלט...

אין זעקס טעג האָט דער בורא באַשאַפֿן די וועלט— די ערד מיט איר־ע פֿעלדער, טייכן, בער־ג, וועלדער, טאָלן און אָפּגרונטן...

— האָט איר געלעזן דאָס ביכעלע, אין וועלכן עס איז באַשריבן, ווי אַזוי דאָס איז פֿאָרגעקומען?

— נו, פֿאַרשטייט זיך! אַ שאלה!.. וועלכער איר האָט ניט געלייענט דאָס ביכעלע? —

דאָס ביכל, אין וועלכן באַשריבן עס איז
שוין לאַנג, פֿון די גאַנץ אַלטע יאָרן
די אַלטע געשיכטע פֿון דעם, ווי אַזוי
די וועלט איז געבאָרן געוואָרן...

יעדער אידיש קינד האָט געלייענט די געשיכטע און יעדע וואָך, יעדן זיבטן טאָג, לייענט מען דאָס ליבע, הייליקע ביכעלע..

יאָרן פֿליען, יאָרן שוועבן...
ווי אַ שטראָם פֿון באַרג אין פֿעלד
פֿליסט די צייט דורך אונזער וועלט,
שווינקט אַראָפּ אין אונזער לעבן

קראַפֿט און יוגנט, גליק און נויט,
יאָמער, הערשאַפֿט און פֿאַרמעגן,

אלע סטעזשקעס, אלע וועגן
פירן, ברייננגען גלייך צום טויט...

פיל פיל, פון דעם, וואס איז פארגעקומען אף דער וועלט, איז שוין פארגעסן געווארן, אבער דער חוק פון דעם ליבן שבת־קודש לעבט נאך ביז איצט בא יעדן אידן און דערמאנט אונז אף מעשה־בראשית — אף דעם זיבנטן טאג, אין וועלכן דער אויבערשטער האט געטאן רוען און קלייבן נחת, קוקנדיק אף דאס, וואס עס טוט זיך דארט, אונטן, אף זיין ליבער וועלטל...

און יעדן פרייטיק זיצט דער בורא־עולם און קוקט אראפ פון אויבן אף דער וועלט, וואו זיין פאלק־ישראל פראוועט דעם ליבן, הייליקן שבת...

אך, וואס פאר א נחת עס איז צו קוקן!

מען קערט, מען וואשט, מען רוימט, מען פילט די פיש, מען פארוקט דעם טשאָלנט, מען איז מקבל־שבת, מען עסט אָפּ די ערשטע סעודה, מען שלאפט זיך אוים, מען טרינקט אפ שבת־דיקן טיי, מען גייט אוועק אין שול, מען דאוונט אָפּ שחרית, מען נעמט אוים, מען רופט אוף כהן און מען הויבט אן צו...

צו שלאגן זיך איבער עליות!!!...

## II

די שטילע, פינסטערע נאכט האט איבערגעצויגן איבער דאס לאנד מצרים איר דונקל־בלויען שלייער, און א זיסער, געשמאקער שלאף הערשט איבער אלע גאסן, אין אלע הייזער.

די גרויסע טעמפלען מיט די מירמל־שטיינענע, זיל־בערנע און גאָלדענע אפגעטער, די שיינע פּאַלאצן מיט די גערטנער און בלומען־שטאקן, די צוויי גרויסע פעסטונגען, פיתום און רעמסס, וואו יעדער שטיין, יעדער ציגל איז באגאָסן מיט אידישן שווייס און אידישע טרערן; דער טייך

נילוס, וואו עס שווימען ארום טוויזנטער קליינינקע אידישע נפשות׳לעך, דערשטיקטע, דערטרונקענע, און אויך דאס לאנד גשן, וואו טויזנטער אידישע מוטערס באגיסן מיט הייסע ביטערע טרערן די פוסטע וויגעלעך פון זייערע אומשולדיק־געטויטע קינדער — דאס גאנצע לאנד איז באדעקט מיט פינסטערניש, און א טיפער שלאף הערשט איבער אלע גאסן.

קיין איינציקע שטימע הערט זיך ניט אין דער שטי־לער נאכט, קיין איינציקן מענטשן זעט מען ניט אין דער פינסטער...

עס שלאפט דער הער אין גרויסן פאלאץ,
אין זייד, אין סאמעט איינגעהילט;
עס שלאפט דער קנעכט—געלייגט צו קאפנס
א זאק מיט אלטע שטרוי געפילט.

דער זקן זעט אין שלאף זיין יוגנט,
זיין אלטע גליק, זיין פרייד און מאכט...
און ליבנד גיסט אי רו, אי קרעפטן
אין יעדעס הארץ די שטילע נאכט...

שטיל און רואיק איז אין אלע גאסן... נאר וואס גלענצט עס און שיינט דארט פון וויטן? א געדויש פון פליגל טוט זיך הערן אין דער לופט... א גייסט, א געט־לעכער גייסט שוועבט און הויבט אן אראפלאזן זיך פון אויבן... זיינע ברייטע, ווייסע פליגלען גלענצן אין דער פינסטער... דאס לאנגע שניי־ווייסע קלייד פלאטערט אין דער לופט... פון זיינע לאנגע גאלדענע לאקן, פון זיין ליכטיקן שטערן, פון זיינע אויגן — ... זיין גאנצן אומשטערבלעכן קערפער ציען זיך העלע, ליכטיקע שטראלן, באשיינען און באלייכטן ארום אים די פינסטערניש...

נידעריקער און נידעריקער שוועבט דער געטלעכער גייסט און אם ענדע לאזט ער זיך אראפ אף דער הויפט-שטאָט פון לאנד מצרים...

שטיל, לאנגזאַם לאזן זיך אראפ און לייגן זיך צונויף אונטער זיינע אַקסלען די ברייטע, ווייסע פליגלען, און שטיל און רואיק הויבט ער אן גיין דורך די גאסן, פון הויז צו הויז, פון איין פּאַלאַץ צום אנדערן...

בא יעדן טויער, בא יעדער טיר שטעלט ער זיך אָפּ אף איין אויגנבליק, הויבט אוף זיין רעכטע האנט און מיט א פייערדיקן שווערד, פון וועלכן עס טריפן טראפּנס בלוט, רירט ער זיך צו צו די טירן...

און דארט, וואו ער רירט זיך צו מיט דעם פייער-דיקן שווערד, בלייבט א גרויסער דונקל-רויטער פלעק...

שרעקלעך זיינען די פלעקן פון דעם שווערד! — דאס זיינען סימנים פאר דעם מלאך-המות, וועלכער גייט טריט בא טריט נאך דעם געטלעכן גייסט מיט די גרויסע, ווייסע פליגלען: טויזנטער זינדיקע נפשות פאלן טויט איינער נאך דעם אנדערן — דאס זיינען די בכורי-מצרים...

— האט איר געלעזן דאס אלטע הייליקע ביכעלע, אין וועלכן עס איז באשריבן די מעשה פון יציאת-מצרים?

— נו, פארשטייט זיך! ווער האט דאס ניט געלעזן? ווער האט ניט געלייענט

די געשיכטע, ווי אזוי
אין די אַלטע יארן
האט געארבעט אונזער פאלק
און פארשווארצט געווארן.

און ווי וואונדערלעך דערנאך,
פול מיט פרישן, נייעם
גליק און קראפט, איז עס ארוים
פון דעם לאַנד מצרים....

דריי טויזנט יאר זיינען שוין פארגאנגען זינט דאס האט פאסירט, — און ביז איצט איז נאך געבליבן דער זכר פון דעם גרויסן נס.

מען וואשט, מען שמירט, מען רוימט, מען פוצט, מען שייערט, מען כשר'ט, מען רעדלט און מען באַקט מצה, מען גייט אין שול, מען דאווענט אָפּ שחרית, מען נעמט ארויס די רייניקייט, מען שטעלט זיך אפּ אף קריאה=לפסח און מען הויבט אָן צו...

צו שלאגן זיך איבער עליות!!!...

## III

אפטמאָל, זיצנדיק אוונט=צייט איינער אליין אין מיין צימער, דערמאַן איך מיך אף די אַלטע פאַר־גאַנגענע יארן, און פארשידענע דערינערונגען און בילדער פון מיין קינד=הייט שטייען אויף פאר מיינע אויגן און יעדעס פּיצעלע זעט אויס אזוי דייטלעך, אזוי קלאר, גלייך ווי דאס וואלט געווען מיט עטלעכע טעג צוריק.

אלע דריי שול=הויפן אין אונזער שטעטעלע ליגן פאר מיר אויסגעשפּרייט ווי א טישטוך; יעדע באַנק, יעדער שטענדער שטייען פאר מיינע אויגן ווי לעבעדיקע; ובפרט אין *אונזער* שול, דאס הייסט אין דער שול, וואוהין איך פלעג מיט מיין טאַטן ע"ה גיין דאווענען, איז מיר באקאנט יעדעס ווינקעלע, טאקע ווי דער פּסוק זאָגט: „ממזרח שמש עד מבואו" — פון מזרח=וואנט ביז דעם האַנד=פאַס אין פאָרהויז. אף פיל גוטע גליקלעכע שטונדן דערינערט מיך יעדעס ווינקעלע פון דער אלטער ליבער שולכל:

אט דא—דערמאַן איך מיך, בין איך געשטאַנען בעת עס האט *געזאגט* ר' הלל פאריצער ע"ה... איך געדיינק... אך, וואס פאר א חיות איז מיר געגאַנגען איבער אלע אברים. מיט וואס פאר אַ פאַרגעניגן האב איך א פּופּצנ=

יאָריקער ווייסער חבר׳ניק, געשלונגען יעדעס וואָרט, יעדן זיפּץ און יעדן קרעכץ, וואס האָבן געטאָן ארויסגיין פון זיינע זיסע, באמת זיסע, מחיהדיקע לעפּצן.

און אָט דא, נעבן ר׳ מרדכי אהרנ׳ס שטענדער, בין איך געשטאַנען, לייענען־צייט, ווען מען האט מיך צום ערשטן מאָל אופגערופן מפטיר... א, ווי פיל טיפע כיט־ראָסטן זיינען דאמאָלס געזעסן אט אין דעם קליינעם מענט־שעלע! איך בין מיר געשטאַנען און גאַנץ רואיק געשמועסט מיט ר׳ מרדכי אהרנ׳ס בן־יחיד׳ל וועגן אליהו דעם שוחט׳ס — אונזער ביידנס דם־שונא — און אז דער בעל־קורא האט אויסגערופן מיין כשרן נאָמען, האב איך מיך א קער געטאָן צו דער בימה מיט אזא מין קוק, גלייך ווי איינער זאָגט: „האַ? וואָס? מיך? נו, בקיצור, כ׳וועל אייך טאָן די טובה”... און ווייסן האב איך געוואוסט גאנץ גוט, אז מיט מיין היינטיקן מפטיר וועל איך די גרעסטע נקמה האבן אין אליהו דעם שוחט׳ס און אין אלע אנדערע מיינע שונאים...

היינט טאַקע די בימה אליין — די בימה, אף וועל־כער איך, דער איצטיקער עלנדער זשאַרגאָן־מחבר׳ל בין ניט איינמאָל און ניט צוויי מאָל געשטאַנען און געשיינט חי די ליכטיקע זון, לייענענדיק פאר אן עולם אידן א גאַנצע סדרה און טאקע כדבעי, מיט אלע שלשלת׳ן אויס־געקרייזלטע און אויסגעפלאָכטענע — א חיות!..

אך, טייערע, ליבע גליקלעכע טעג!

איינס נאר איז מיר קשה: פאר וואָס עפּעס קומט אויס, אז יעדעס מאָל, ווען איך שטעל מיר פאָר אין מיינע געדאַנקען אונזער שול, שטייט אוף פאר מיר דער זכרון אדער פון א פינסטערע קללה, אדער פון א הייסן, פייער־דיקן פאַטש מיט א הודעריי פון אן איבערגעקערטן שטענ־דער, פון אן אראָפּגעוואָרפענעם לייכטער, אן אויסגעזעצטע

שויב מיט א קלינגעריי און א קלאַפּעריי; און יעדעס מאָל, סיי שבת, סיי יום־טוב דוקא בשעת לייענען — בשעת לייענען

די הייליקע תורה, דעם איינציקן שאַץ,
וואס איז אונז געבליבן פון אונזער פאַרמעגן;
די תורה׳לע — וועלכע פון לאַנד און צו לאַנד
מיר האָבן געטראָגן אין ווינט און אין רעגן,
אין שטורם, אין האגל, אין היץ און אין קעלט,
— דער איינציקער אונזערער טרייסט אױף דער וועלט.

סכות — שטעל איך מיר פאָר — סכות א פּאָר טויזנט יאָר צוריק:

דער לעצטער גאַרבּ איז שוין אַראָפּגעפירט פון פעלד; דאָס לעצטע הײנגל ווײנטרויבן איז שוין אַראָפּ־גענומען געוואָרן און אַרײנגעבראַכט אין קעלטער; פון די הויכע בערג פון אפרים ציען זיך לאַנגע קאַראַוואַנען פון קעמלען און מויל־אייזלען אָנגעלאָדן מיט גאַרבן און מיט פּירות; דורך דעם מדבר עין־גדי, פון גלעד, פון דעם לאַנד דן און פון אַלע עקן, פון אַלע זייטן גייען עולי־רגל, שטאָט און דאָרפס־לייט, זקנים און קינדער, בחורים און בתולות, מיט געזאַנג און מיט פרייד, צום באַרג ציון, צום בית־המקדש...

און דאָרט, אױף דעם באַרג ציון, אין דעם גרויסן פּרעכטיקן טעמפּל, קניען טויזנטער און צענטויזנטער פרייע און גליקלעכע אידישע קינדער, הערנדיק דאָס זיסע געזאַנג פון לוים און די שטימען פון די הייליקע כלי זמר.

דאָרט אױף דעם הייליקן באַרג, שטייט דער כהן־גדול פאַר דעם מזבח, אױף וועלכן עס זיינען געבראַכט געוואָרן זיבציק אָקסן, זיבציק קרבנות מכפר צו זיין אױף די זינד ניט נאָר פון דעם פאָלק ישראל, נאָר אויך פון אַלע

פעלקער פון דער וועלט. „— דו, גרויסער גאט! דו, שטארקער גאט! — איז מתפלל דער כהן=גדול:

„הער צו די תפלה פון דיין קנעכט
וואס שטייט פאר דיר דעם קאפ געבויגן!
וועק אויף דאס קאלטע, טויטע הארץ,
מאך אויף די טונקלע, בלינדע אויגן

„פון יענע פעלקער אין דער וועלט,
וואס בלאנדזשען אין די קרומע וועגן...
ווי אין די בלום דעם מארגן=טוי,
ווי אין דעם זאנג דעם פרישן רעגן,

„פארגיס אין זייער טונקלען זין
דיין בארימהארציקייט פון אויבן,
באלייכט זיי מיט דיין שיין און מאכט,
דערקוויק זיי מיט דעם ריינעם גלויבן;

„און ווי די אפגרונטן בּאדעקט
דער טיפער ים פון אלע עקן,
זאל גלויבן, װארהייט, וויסנשאפט
פון עק ביז עק די וועלט באדעקן!"...

היינט — שבועות? דער ליבער גרינער יום=טוב, װעלכן עס פייערט די גאנצע נאטור, אנטוענדיק זיך אין די בעסטע, שענסטע קליידער, — דער יום=טוב, וועלכער דערינערט אונז אין דעם גרעסטן און גליקלעכסטן טאג, וואס איז פארשריבן אין אונזער געשיכטע — אין דעם טאג מתן תורה! שבועות... נאר, צוריק ריידנדיק — מיט וואס איז, זאגט מיר, רבותים, שבועות ערגער פון סכות אדער פון פסח, פון ראש=השנה, פון יום=כפור, און פון אלע אנדערע ימים=טובים? אידעלעך זיינען דא אין גאנצן וועלט, קיין עין=הרע, ווי באב, א תורה איז דא אן איין איינ= ציקע, עליות איז סך הכל ניט מער פון זיבן, א נשמה

האט יעדערער, א אידיש הארץ וויל, א האנט איז דא, א באק איז גלאט און ווייך און ווארעם, — איז בכן, פאר־שטיים זיך שוין ממילא, אז עס מוז נולד ווערן אזא מין זאך, וואס איז אי גלאט, אי ווייך, אי ווארעם... היינט א פאטש איז דאך געגליכן צו א צוואנג: „צבת בצבת עשויה"... — איין פאטש מאכט דעם אנדערן. חוץ פעטש זיינען דא אף דער וועלט קללות, זידלערייִ, מי־שבירך'ס, הזכרת נשמות און אנדערע „פרפראות", וואס פאסן אויך גאנץ גוט צום ענין... א קלייניקייט אביסל! איז בכן שיטן זיך לכבוד התורה אזעלכע פערל, וואס עס איז א קוויקע־ניש צו הוקן און צו הערן..

— „מאין באת? — שרייט נחמן קלעק צו בערל לעמעשקע, — „אטקודאוואָ? אָ? דו קבצנ'יו, שלעפער! דיר ששי? דיר? א פאטשעמו? וואס? האסט איינגעלייגט א חלק? גענוג דיר א פאיאק צו מנחה, אדער מאקע גאר א פראסטן פאנידיעלניק, בא די מאפאושניקעס אין שול . . . אראפ פון דער בימה, דאלאי!"...

און וואס זאגט בערל לעמעשקע?

בערל לעמעשקע זאגט גארניט, אדער כמעט גאר־ניט! נאר בא אים איז דער לשון אריין אין די ידים, איז... נו פארשטייט איר דאך.. שלאגט מען זיך פסח צום טל, שמיני עצרת צום גשם, שמחת־תורה צו הקפות, שבועות צו אקדמות, און שבת־הגדול אדער שבת־שירה כאפן אויך אמאל עטלעכע גוטע בעל־הבית'ישע פעטש... היינט וואו איז א מאנטיק און א דאנערשטיק — וואס איז? וואכעדיקע קלעפ זיינען אויך ניט קיין שפענדלעך . . . א כלל:

מ'שלאגט זיך,
מ'פלאגט זיך,
מ'רייסט זיך,
מ'בייסט זיך,

ווי פויגעלעך פליען
אי פאות, אי בערד,
עס קלינגען די שויבן,
עס ציטערט די ערד;

מ'איז מזכיר נשמות
מיט קללות, כאראבעס —
די פעטערס, די מומעס,
די זיידעס, די באבעס,

עס פלאמען די אויגן,
עס טרעשטשן די קעפ,
עס גיסן זיך ברכות,
עס שיטן זיך קלעפ...

מ'בייסט זיך,
מ'רייסט זיך,
מ'פלאגט זיך,
מ'שלאגט זיך,

עס פליען די שטענדערס,
די לייכטער, די ביינק,
עס שיטן זיך קללות
און חרמות און קריינק;

עס שיטן זיך, גיסן זיך
חרמות און קללות
פון ארון צום עמוד
פון עמוד צום פאלעש,

פון פאלעש אין שול=הויף,
פון שול=הויף אין גאס..
דאס שטעטעלע הודיעט
און ברומט ווי א פאס...

און אט דאס אלץ — לכבוד התורה!!!...

# „דאס ביסעלע בוימאייל".

## (בילדער און גערעאנקען)

### I

פיל טעג, פיל וואָכן און יאָרן זיינען פאַרגאַנגען, זינט עס האט זיך געענדיקט די גרויסע שרעקלעכע מלחמה, און אף דעם הויכן טורם פון מצדת־דוד האָט זיך אופגע־הויבן און געבליבן שטיין הויך און שטאָלץ אין דער לופט, ד פאָן פון אנטיוכוס מלך יון...

קיין איינציקער מזבח האט זיך ניט גערויכערט, קיין איינציקער קרבן איז ניט געבראַכט געווארן אין דער גאַנ־צער צייט; פאַ־שטערט זיינען געוואָרן די שבתים און ימים־טובים; די כהנים האָבן אויסגעטאָן זייערע הייליקע קליידער, די לוים האבן פארלאָזן זייערע כלי־זמר, זייער הייליקן דינסט אין גאָטס הויז; אנגעטאָן אין זעק און באשאָטן די קעפּ מיט אַש, זיינען געלעגן יונג און אַלט אף די קברים פון די נביאים, נעבן די צעבראָכענע מזבחות, געבראָכן די הענט, געוויינט און געשריען צו דעם בורא־עולם... נאר אומזיסט איז געווען זייער געבעט, אומזיסט האבן זיך גע־גאָסן זייערע טרערן!..

ווי א סטאַיע הײשריקן, וואס באדעקט א פעלד, זיי־נען געגאַנגען די חילות פון אנטיוכוס איבער דאס לאנד, פון שטאָט צו שטאָט, אף יעדן מארק, אף יעדער גאס האבן זיי געבויט מזבחות און מיט שווערד אין דער האַנט, מיט אייזן און מיט פייער געטריבן דאס פאָלק מקריב צו זיין קרבנות צו זייערע שטיינערנע און הילצערנע אפגעטער...

און דאס פאָלק, דאס דערשראָקענע און פארמוטשע־טע פאלק, איז געגאַנגען, געלאָפן צו די מזבחות, געקניט און געבוקט זיך צו די אָפּגעטער... אף יעדער גאַס, נעבן יעדן הויז, האָט געפלאקערט א מזבח... די ספרי־תורות האט מען געריסן אף שטיקער און געוואָרפן אף די מזבחות, אף וועלכע עס האָבן זיך געשמאַליעט און געבראָטן חזירים און אנדער טמא׳דיקע חיות...

יעדן חודש פלעגן אָנקומען די חילות פון אנטיוכוס, און דעם, ווער עס האָט ניט געוועלט טאָן זייער באַפעל, האבן זיי געטויט... די מוטערס, וועלכע האבן זיך דער־וועגן מל צו זיין זייערע קינדער, האט אנטיוכוס באפעלט טויט צו שלאגן: פאר זייערע אויגן פלעגט מען אופהייננגען זייערע אומשולדיקע קינדערלעך, שטעכן און שניידן זיי אף שטיקלעך...

פיל אידישע פרויען זיינען געפאלן פון דעם שווערד פון אנטיוכוס; פיל נפשות, אלטע און יונגע, האבן ליבער דעם טויט גענאָמען, איידער צו פאָלגן דעם רשע, אום צו בלייבן געטריי דעם איינציקן גאָט און זיין הייליקער־תורה..

II

באַגאָסן מיט דעם שיין פון דער ליכטיקער און וואַרעמער זון און ארומגערינגלט מיט פאַלמען און אייל־בערט־בוימער, שטייט אף דעם באַרג מודעית דאס קליינע, שטילע שטעטעלע, וואו עס האוינט זומער־צייט דער כהן־גדול מתתיהו מיט זיינע פינף זין: יוחנן, שמעון, יהודה, אליעזר און יהונתן.

שטיל און רואיק איז געוועזן אין דעם קליינעם שטע־טעלע פיל יאָרן נאכאנאַנד, ביז עס איז געקומען דאס גרויסע אומגליק אף דאס גאנצע לאנד און האט פאַרכאפט אויך דאס רואיקע, שטילע שטעטעלע. ווען דער שטורם רייסט ארויס מיט די וואָרצלען די גרויסע, שטארקע, הונ־

דערט־יאָריקע צעדערן — קען דען בלייבן שטיין דאס קליינינקע, שוואַכינקע קירשן־בוימעלע?

א גאנצע מחנה יונים (גריכן) מיט זייער קאמאנדיר האבן פארנומען אלע גאסן — אין מיטן שטעטל, אפן מאַרק, שטייט שוין א מזבח אָנגעגרייט צו ברייִנגען א קרבן די גריכישע אָפגעטער.

— „גייט! גייט! — שרייט דער שר פון די יונים: —קניקט, בוקט זיך צו אונזערע געטער, צו די געטער, פאר וועלכע עס קניט אויך מיין גרויסער, שטארקער קעניג אַנטיוכוס! ווארפט אוועק אייער גאָט, וועלכער האט אייך פארלאָזן און איבערגעגעבן אין אונזערע הענט, ווארפט אוועק אייער תורה, דורך וועלכע איר האט איבערגעטראָגן אזוי פיל צרות, שלעג און שמערצן... אייער בית־המקדש איז פוסט, אייערע פּאַלאַצן פארוויסט, אייערע אוצרות באַ־רויבט, טויזנטער און צענטויזנטער נפשות זיינען געפאלן פון אונזער שווערד: דאס גאנצע לאנד איז געווארן ווי איין גרויסער בית־עלמין באדעקט מיט קברים, און וואָס א טאָג פאלן אלץ נייע און נייע נפשות, פארגייען פון הונגער, פון נויט, און שמערצן... און אין דעם נאָמען פון מיין קעניג, דעם גרויסן, שטאַרקן אַנטיוכוס, וועלכן עס זייגען אונטערטעניק צענדליקע פעלקער און פאר וועלכן עס ציטערט די גאנצע וועלט, אין זיין נאמען זאג איך אייך”...

אין דער מינוט האָט זיך דאס פאָלק צעטיילט אַף ביידע זיידן, דורכלאָזנדיק צום שר אן אַלטן גרויען מאן...

„— דער כהן... דער כהן־גדול גייט”... האָט זיך דערהערט פון אלע זייטן...

אנגעטאָן אין בגדי שרת, אין די הייליקע קליידער, מיט דעם חושן־ואפוד אף דער ברוסט, מיט דער מצנפת און דעם ציץ אַפן קאָפּ, איז צוגעגאַנגען צו דעם שר דער אלטער גרויער מתתיהו.

זיינע לאנגע און שניי=ווייסע האר און זיין גרויע באָרד האָבן געגלאַנצט אין דעם שיין פון דער זון; זיינע באַקן זיינען געווען בלאַס און דער גאַנצער קערפער האָט אויסגעזען מיד און אָפּגעשלאַפט, נאָר אין די אויגן האָט געגליט אַ הייסער פייער פון פאַרבאָרגענעם צאָרן און איבער זיינע בלייכע ליפּן איז צייטנווייז איבערגעלאָפן אַ ציטערניש ווי בא אַ מענטשן, וועלכן עס כאַפּט דורך די קעלט אין אַ גרויסן פראָסט...

„— מתתיהו!״ — האָט זיך געווענדט דער שר צו דעם אַלטן כהן — „דיין קאָפּ איז באַדעקט מיט גרויע האָר און מיט דעם הייליקן מצנפת, און אויף דער ברוסט ליגט די הייליקע גייסטלעכע צירונג; הער=זשע אויס מיינע רייד; צו דיר, צו דיין פאַרשטאַנד ווענד איך מיך איצט מיט מיינע ווערטער:

„האָב רחמנות אויף זיך, אויף דיין הויז=געזינט און אויף דיין פאָלק, וועלכעס וועט דיך פאָלגן און טאָן אַליץ, וואָס דו וועסט באַפעלן. דער גרויסער שטאַרקער קעניג אַנטיוכוס מלך יון רעדט צו דיר מיט מיינע ליפּן: גיי צו צו דעם מזבח און ברייננג דעם קרבן, וועלכער...

„— ניין! — האָט אַ געשריי געטאָן דער אַלטער מתתיהו — ניין! איך וועל ניט צוטרעטן צו דיין מזבח, איך וועל ניט קניען פאַר דיינע שטיינערנע, שטומע און טויטע אָפּגעטער! איין גאָט איז דאָ אויף דער וועלט, איין איינציקער, דער גרויסער שטאַרקער גאָט, וועלכער האָט באַפרייט מיין פאָלק פון קנעכטשאַפט, באַהיט און באַשיצט פון "טויזנטער אומגליק"! צו אים, צו דעם איין איינציקן, גרויסן, שטאַרקן, ליבן גאָט הויב איך אויף מיינע הענט... הימל און ערד, בערג און טאָלן! זייט מיינע עדות, הערט מיין גרויסע, מיין אייביקע שבועה: מיט מיין גאַנצן האַרצן, מיט מיין פאַרשטאַנד, מיט אַלע געפילן און געדאַנקען, מיט יעדן גליד, יעדן אָדער, ביז דעם לעצטן טראָפּן בלוט,

ביז דעם לעצטן אויגנבליק וועל איך דינען דעם איינציקן גאט, דעם גאט פון מיינע עלטערן, צו אים וועל איך שטרעקן מיינע הענט, צו אים וועט זיך ציען מיין הארץ, צו אים, צו זיין גרויסער, אויביקער מאכט און הערלעכ־קייט וועט פליען מיין געבעט, פאר אים וועלן זיך גיסן מיינע טרערן!.. און דו, מיין פיינט און דער פיינט פון מיין פאלק, וואס דו ביסט געקומען מיט אייזן און פייער אין אונזער לאנד, האסט צעשטערט אונזער הייליקטום, בארויבט אונזערע הייזער, אלט און יונג, פרוי און קינד געשעכט מיט דיין שווערד, איך שטיי פאר דיינע אויגן שטאלץ און קרעפטיק! איך וועל ניט צוטרעטן צו דיין אומריינעם מזבח! איך וועל מיך ניט צורירן צו דיין קרבן. איך וועל מיך ניט בוקן צו דיינע געטער... איך פאראכט דיך, דיין קראפט און דיין צארן... איך...

„— שווייג!!"—האט אייסגעשריען דער שר, כאפנדיק זיך צו זיין שווערד — „שווייג! פאר דיינע רייד וועט דיר באצאלט ווערן אין גיכן... נאר, שטיי, ווארט אוים... אט באלד וועסטו זען ווער פון אונז איז שטארקער... מיינע גבורים! ציט ארוים אייערע שווערדן, רינגלט ארום דאס פאלק פון אלע זייטן... נו, און איר — האט ער זיך גע־ווענדט צום פאלק — איר, פארשאָלטענע קנעכט! נענטער, נענטער צום מזבח! קניט, בוקט זיך! קושט די שטיינער, וועלכע ליגן דא פאר אייך... נו!!..."

הערנדיק די בייזע, שרעקלעכע ווערטער, דערשראקן און פארציטערט — איז צוגעגאנגען איינער פון די איינ־וואוינער צו דעם מזבח.. זיין קאפ האט זיך איינגעבויגן, און, ציטערנדיק מיט אלע אברים, איז ער געפאלן אף די קני...

„— האללא"! — האט אויסגעשריען דער שר מיט פרייד.

„— האללאוו!!״—האבן געענטפערט הונדערט קולות פון דעם חיל...

נאר אין דעם אויגנבליק האט אויסגעבראכן אן אומ־דערוואַרטער, שרעקלעכער צופאל:

מיט פלאַמענדע אויגן, פאַרציטערט פון צאָרן, איז אופגעשפרונגען דער אלטער גרויער מתתיהו... אין זיין דאַרער, אלטער האַנט האט א בלישטשע געטאן א גרויסער, שאַרפער מעסער, און אין איין מינוט זיינען געפאלן צו זיינע פיס דער קניענדער ווידערשפּענסטיקער און דער שטאַרקער, שטאַלצער שר...

„— ברידער מיינע, קינדער!...״ האט אופגעהויבן זיין קול מיט א גרויס געשריי דער אלטער כהן־גדול: „שטייט אוף, שטייט אוף, איר דערשראָקענע, דערשלאָגענע, אומ־גליקלעכע! צו מיר, צו מיר!״...

אימת־מות איז געפאלן אף דעם חיל... אוועקוואַרפנ־דיק דאס געווער, פאַרציטערט, זעענדיק זייער שר א דער־שלאָגענעם און דעם אלטן מאַן מיט דעם מעסער אין דער האַנט, האבן זיך אוואָרף געטאָן ארויס פון שטעטל די שטאַרקע, שרעקלעכע גבורי־חיל... ווי די האָזן, דערהערנדיק די שטימע פונ׳ם יעגער, זיינען זיי זיך צע־לאָפן אין אלע זייטן, פאַרקראָכן אין די היילן אונטער די פעלזן, אין די וועלדער און אין די טאָלן...

און דאָרט, אף דעם באַרג מודעית, האט געשאַלט, הילכיק און שרעקלעך, דער קול פונ׳ם אלטן, גרויען מאַן:

„— שטייט אוף, שטייט אוף, מיינע ברידער, מיינע קינדער! ווער איז צו גאט — צו מיר! פאָראויס! פאָראויס!...״

ווי א דונער, וואס וועקט אוף הונדערטע ווידער־קלאַנגען פון באַרג און טאָל, איז געג...ען דער אופרוף

פון דעם אלטן, גרויען מאן איבער די שטעט און דערפער, פון הויז צו הויז... איינער נאך דעם אנדערן זיינען אופגע־שטאַנען, אלט און יונג, גרויס און קליין; שטארקע און גרויסע מחנות־חיל האבן זיך צונויפגעקליבן ארום מתתיהו און זיינע פינף זין די גבורים... אף טויזנט פונקטן האט זיך פון דאסניי פארקאכט די מלחמה...

ניט איין טאָג, ניט צוויי האט געדויערט, נאר דער נצחון איז געגאנגען טריט אף טריט נאך דעם אלטן כהן און זיינע פינף זין און... פיל טעג זיינען נאך פארגאַנגען, פיל בלוט איז נאך פארגאָסן געווארן ביז עס איז געקומען דער גרויסער, הייליקער גליקלעכער טאג — כ"ה כסלו!!...

די גאנצע וועלט האט געקלונגען מיט דעם נאָמען פון דעם גרויסן העלד יהודה המכבי. זעקס שטארקע העלדן מיט זייערע חילות זיינען געפאלן פון זיין האנט; פיל אנדערע גבורים מיט זייערע חילות זיינען צעשטערט געווארן פון די איבריקע פיר זין פון מתתיהו — און גאנ־צע הונדערט יאָר האט דאָס לאַנד ישראל אָפגעלעבט שטיל און רואיק, באפרייט און באשיצט פון שרעק און שמערצן...

## III

אט וואס פאר א בילדער און סצענעס טראָגט אין זיך דער זכרון פון א פאָלק. ווי עס דארף זיך, כדרך הטבע, פילן א פאלק, דערמאנענדיק זיך אף אזעלכע צייטן — דאס איז שוין א באזונדערע שאלה. א פאלק איז דאך ניט איין מענטש, ובפרט — דאס פאלק ישראל, אידעלעך, זאלן לעבן, וואס זיי זיינען דא אף גאָטס וועלט אזויפיל ווי די שטערן אפן הימל און דער זאמד אפן ברעג ים, קיין בייז אויג זאל זיי ניט שאַדן!.. מיינונגען אין דעם ענין קענען זיין א סך, איבעררעכענען זיי איז אוממעגלעך;

וויכטיק איז אבער דאָ נים יעדע באזונדערע דעה, נאר דער סך־הכּל...

א טאג נאך א טאָג — גייען יארן אוועק,
עס דרייט זיך און דרייט זיך דאס רעדל...
אך, זאגט־זשע מיר, וואס איז געבליבן בא אונז?
„—געבליבן? — דאס חנוכּה־דריידל!"

דאס דריידעלע דרייט זיך, דאס דריידעלע זשומט,
ישראל׳יקל קוויקט זיך... א חיות!
ער דרייט עס און דרייט עס אכט טאג נאָכאנאנד
און קוויקט זיך—עס ווערט גארניט מיאוס.

פיר אותיות אויסגעקריצט זע איך אף דעם —
זיי שיינען פון אלע פיר זייטן...
„—דו זעסט? שרייט ישראל׳יק מיט נחת—דו זעסט?!
און ווייסט, אקארשט, וואס זיי באדייטן?..."

———

— נו, אדרבא, ישראל׳יק, זאג!
און ישראל׳יק זאגט:

„— ויהי און ס׳איז געווען. אז מען האט גובר גע־ווען דעם דאָס... דעם ע־ע־ע... דעם מלך יון, איז מען געקומעי, אין בית־המקדש אריין, איז מען געקומען, און מען האט—ע־ע־ע... האט מען—ע־ע־ע ווידער אופגעבויט דעם דאס... דעם מזבח, מיין איך און די מנורה מיט די... מיט... נו מיט אלץ וואס מען דארף און דערנאך... דערנאך איז..."

— נו, ישראל׳יק, און דערנאָך איז וואס געווען?

„— און דערנאך! — טוט זיך א כאפ ישראל׳יק מיט א פלאַם־פייער אין די אויגן — דערנאך האט מען אנגעהויבן צו זוכן בוימאייל, אָנצוצינדן די מנורה, האט מען נים געפונען, האט מען ווייטער געזוכט, און אז מען

האט ווידער געזוכט, האט מען דערזען אין א ווינקעלע א קליין קריגעלע מיט בוימאייל, א ברעקל קריגעלע מיט עט=לעכע טראפנס, איז האט מען אריינגעגאָסן אין די מנורות אריין און מען האט אָנגעצונדן... איז געווארן א נָס — דאס קאָפּיטשקע בוימאייל האט געברענט גאנצע אכט טעג!!!..."

— וואס? סך-הכל אכט טעג? ניין, ישראליק, ניין! דו האסט א גרויסן טעות: דער נס איז געווען פיל גרע=סער — דאס ביסעלע בוימאייל האט געברענט מער ווי אכט טעג... פיל מער: עס האט געברענט גאנצע צוויי טויזנט יאָר!

יא, צוויי טויזנט יאר האט אונז געשיינט דאס ליכט פון דאס ביסעלע בוימאייל, וואס מען האָט קוים-קוים אופ=געזוכט אין א ווינקעלע, אין דעם באַרויבטן, פארוויסטן טעמפּל, און גליקלעך, גליקלעך זיינען מיר וואס אונזערע פיינט, וועלכע האבן בא אונז צוגענומען אלע אוצרות, האבן אונז איבערגעלאזט די עטלעכע טראָפּנס בוימאייל!... אלע פּאַנצערן, פיילן, שפּיזן און שווערדן און אלע שענסטע און טייערסטע צירונגען פון אונזערע פּאַלאצן, טורמען און טעמפּלען, זיינען ניט ווערט אי איין טראָפּן פון דעם הייליקן, וואונדערלעכן ביסעלע בוימאייל!.. די מכבי'ער זיינען געווען אונזער לעצטער נצחון אף דעם שלאכט=פעלד; אונזערע פּאָליטישע פרייהייט האט געמוזט אן ענדע נעמען; גאנץ בלייבן האט געדארפט נאר דאָס ביסעלע בוימאייל — דאס שטיקעלע אמונה, וואס איז אריינגעלייגט געווארן אין אונזערע הערצער, כדי מיר זאלן ניט פאר=שוואונדן ווערן פון דער וועלט...

און אט דאָס ביסעלע בוימאייל האט שוין אפּגע=ברענט צוויי טויזנט יאר!

אך, וויפיל פינסטערע, שרעקלעכע נעכט האבן מיר איבערגעלעבט! דורך וואס פאר גרויסע טיפע וועלדער

זיינען מיר דורכגעגאנגען! וויפיל בייזע, גיפטיקע שלאנגען זיינען געקראָכן ארום אונז, וויפיל חיות-רעות האבן מיר באגעגנט אף אונזער וועג! וויפיל...

אוי-אוי, ווי דער זכרון ארבעט! טויזנטער בילדער פליען פאר אונזערע אויגן — און אט גיי נאָר זאָג, ענטפער אף דער שאלה: איז גוט אָדער שלעכט וואס די נאַטור האט אונז, אידן, געשיינקט אזא גוטן זכרון... האַ? ווי מיינט איר, רבותים? גוט?

יאָ, מיינע ברידער און שוועסטער, — מיין אָרעמעס, קראנקעס, אומגליקלעכעס פאָלק! לייען, לייען און חזר איבער, טויזנט מאָל די אָפּגעבראָכנטע, אפּגעבליאַקעוועטע, טייערע און הייליקע בלעטלעך, אף וועלכע עס שטייט פארשריבן די געשיכטע פון מתתיהו כהן-גדול! גליקלעך איז דער קעניג, וואס שטארבט מיט דער קרוין אפן קאָפּ.

ווי גרויס, ווי שיין איז געווען אונזער וועג, וועלכן מיר האבן אנגעהויבן מיט משה-רבנו און געענדיקט מיט יהודה המכבי! אט דאָס הייסט — לעבן א קעניג און שטארבן א קעניג! קניט פאר די הייליקע קברים אין וועלכע עס ליגן אונזער גבורה און אונזער כבוד, אונזער רייכטום און הערשאפט, בוקט זיך צו די טייערע מצבות, קושט דעם שטויב פון דער הייליקער ערד, און אופּשטייענדיק ווידער אף די פיס גייט ווייטער און ווייטער אין אונזער לאנגן, שווערן וועג, פארגעסט נאר ניט אף דאס ביסעלע בוימאייל... זוכט, זוכט אין אלע ווינקעלעך פון אייער הארץ, צינדט אן יעדן טראָפּן פון דעם עכטן און ריינעם גלויבן, וועלכער האט געברענט און געשיינט אין אונזער פינסטערן לעבן! גלויבן און ווינשאפט, האָפנונג און ליבע — אט וואס עס איז געווען אין דעם קליינינקן קריגעלע, וועלכער איז אונז געבליבן נאך דעם חורבן פון אונזער בית-המקדש...

אך, גיס-זשע זיך, גיס זיך,
דו הייליקעם בוימאייל,
אין אונזער באַטריבטעם
פארוואונדעטעם הארץ
שטיל-איין אונזער ווייטאָק,
צעשטער אונזער צווייפל,
פאריאָג אונזער טרויער,
פארהייל אונזער שמאַרץ!
גיב קראַפט אונז אין האפנונג —
מיר זאלן דערלעבן
די זיסע, די ליבע,
די ליכטיקע טעג,
עס זאל שוין אויך אונזער
פארוואלגערטעם שיפל
באפרייט זיין פון שטורם,
פון דונערן, בליצן
און קומען צום שטילן
און גליקלעכן ברעג!..

---

## די לעצטע קאפיקע.

(א באבע-מעשה).

I

אין א געוויסן שטעטל מיטן נאמען שמוינעווקע, דארט וואו אמאל האט געוואוינט ר׳ לייבעלע פעלצעל זכרונו לברכה און וואו פון דעמאלט אן גייט ניט דורך א יאר, אז עס זאָל נים געבאָרן ווערן א זעקס-זיבן צווילינגס, — אין דעם דאזיקן בארימטן שטעטל האט זיך געטראפן א געשיכטע, וואס ס׳איז כדאי צו דערציילן.

אמאל, אין א ליכטיקן שיינעם פרימארגן, איז מען

געוואר געווארן, אז אין גאנץ שטעטל איז ניט געבליבן אפילו אן איינציק מזומענע קאפיקע.

אין פלוג איז דאס גאר א ווילדע זאך, ווארום ווי געשיקט זיך, אז עס זאל בא אידן ניט בלייבן אפילו א קאפיקע?

אמת, עס טרעפט זיך, אז כמעט בא א האלבער שטאט אידן געפינט זיך ניט נאר א מזומענע קאפיקע, אפילו קיין צעבראכענער גראשן ניט און ס׳איז ניטא ניט קיין מעל אף חלה, ניט א בינטל שטרוי אף הייצונג, ניט א שטיקל העמד אפן לייב און דערביי טאקע איז דא א בעל-טאקסע מיט געבראטענע קישקעס, א ראבינער, וואס עסט יעדן טאג ראקעס און טרינקט קאווע מיט סעכערלעך, היינט וואו איז, איך בעט אייך, א דאקטאר מיט א טרפה קיך, אן אפטייקער מיט א געגאלטער מאורדע, א פארוואלינע, וואס שפילט שבת אין קארטן און א איד א חלפן, וואס כאפט אים אן, ווייסט ער וויפיל פערענעס, קישן און לייכטער זיינען פאראן אין שטעטל, — אט די אלע, בייטטיינס געזאגט, כלי-קודש, אן וועלכע עס קען קיין קיום ניט האבן דאס קלענסטע אידישע שטעטל אף דער וועלט?..

נאר ווי די מעשה איז, קומען אבער פאר אף דער וועלט זאכן וואס גאר שלא כדרך הטבע. בכן דערצייל איך אייך, האט זיך געטראפן אין שמוינעוועקע, אז זוך פון היינט ביז מארגן וואלט זיך ניט געפינען לא עליכם א איד, וואס בא אים איז געבליבן אפילו אן איינציקע קאפיקע, ממש, ווי מען זאגט, כאטש צאל א רענדל פאר א קאפיקע.

אז דאס האט דערוואוסט דער רב, האט ער ראשית-דבר געוואשן די הענט און געמאכט שהחיינו און דערנאך געשיקט לאזן בעטן צו זיך די גרעסטע בעלי-בתים אף אן אסיפה.

דער שמש איז אַרומגעלאָפן ווי א פאַר׳סמ׳טער אין אלע גאַסן, און טאַקע באַלד נאָך מעריב איז דער עולם זיך צונויפגעגאַנגען באם רב.

דער רב האָט גענומען א ברייטן שמעק-טאבאק, אויסגעהוסט זיך און געזאָגט בזה הלשון:

„— רבותים! צו דעם בורא-עולם קען מען קיין טענות ניט האבן; אודאי איז ער גערעכט און זיין משפט איז רעכט, און א איד איז מחויב אלץ אננעמען פאר ליב; ווארום בעונותינו הרבים זיינען מיר אודאי ניט ווערט אפילו א טויזנט-חלק פון זיין גענאד און לייטזעליקייט, וואס ער טוט מיט אונז, בכן איז דער שכל מחיב, אז דאָס וואָס גאָט ברוך הוא טוט מיט אונז איז לגמרי נאר פאר זכות אבות. — ובפרט, רבותים, ביאת-המשיח, וואס דאס איז די גרעסטע זאך אף דער וועלט און אף וואס אידן ווארטן שוין טויזנטער יארן. ווי, זאָגט מיר, געשיקט זיך, אז מיר, איך בעט אייך מחילה, מיט אונזערע מעשים-טובים, אונזער פרומקייט און אינזער אידישקייט זאָלן האָבן דעם זכות צו מקרב זיין די גאולה?... נאָר אף גאָט פרעגט מען קיין קשיות ניט. די גמרא זאָגט: אין בן ד״ד בא עד שתכלה פרוטה מן הכים... אידן! גיט אפ א שבח צו זיין ליבן נאָמען: אין גאנץ שמוינעוועקע איז ניט גע-בליבן קיין איינציקע קאפיקע. איז בכן גרייט זיך, אידן, צו „ביאת-המשיח!”...

עטלעכע מינוט איז דער עולם געזעסן ווי א פאַר-טומלטער. ביאת-המשיח!... עפעס א קלייניקייט צו זאָגן — גרייט זיך צו ביאת-המשיח.. אמת. וואסער איד איז ניט מוכן ומזומן יעדן טאָג, אז אט וועט זיך דערהערן דער קול פון שופר, די לאַנגע תקיעה-גדולה, וואָס וועט גיין פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטן, און אף דעם בארג זיתים וועט זיך באַווייזן דער גואל-צדק רייטנדיק אפן ווייסן פערד... אָבער גלאט אזוי זאגן מיט אמאל: גרייט זיך, משיח גייט!!...

— רבי — האט זיך צולעצט אנגערופן איינער פון די בעלי־בתים — איז הייסט עס פאלעסטינע, מיט די חובבי־ציון הייסט עס און מיט די קאלאניעס...

נאָר דא האט זיך אופגעהויבן מנשה־מענדל דער פאדריאטשיק, האט ארויסגעשלעפט פון בוזים־קעשענע א גראב פעקל פאפירן, איבערגעבונדן מיט א בלויען וואלע־נעם פאדים, א פאטש געטאן אין טיש און געזאָגט:

— רבותים! ווארט אויף א ווײלע... איך האב אקוראט היינט צונויפגעפירט דעם חשבון פון דער פאסטראיקע, איך מיין פונם מרחץ מיין איך, און האב טאקע בדעה געהאט צו בעטן דעם רב זאל לעבן מאכן אן אסיפה, כדי ..

— הא? וואס? — האבן זיך דערהערט קולות פון אלע זייטן: — וואס חשבון?... ווער חשבון?.. וואס וויל ער איצט מיט זיינע חשבונות?..

— שאט, רבותים, שאט! — האט זיך דא דער־הערט דעם רב׳ס קול: א נותר... שאט, רבותים, א נותר... א נותר?!?!

אין איין רגע זיינען אלע, ווי מען זאגט, פארשטומט געווארן.

— זאגט, רב משנה־מענדל — האט זיך דער רב געווענדט צום פאדריאטשיק: — זאגט, וואס האט איר געוואלט מודיע זיין דעם עולם?

— איך האב געוואלט זאגן, אידן, אז כפי דעם חשבון, כפי דעם סך־הכל מיין איך, איז דא אן אסטאטאק פון דער פאסטראיקע, איך מיין פונ׳ם מרחץ מיין איך, איז לעת־עתה געבליבן בא מיר קהל׳שע געלט...

וויפיל?.. וויפיל?

— א קאפיקע.

און מנשה=מענדל האט טאַפּנדיק אַרויסגענומען פון צווישן די צעטלעך א פּאַקעטיקל פון א שטיקל פּאַפּיר, צעוויקלט עס און אַרויסגעלייגט אויפן טיש א קאַפּיקע.

א מינוט פינף האט געדויערט אין א טיפן שטיל=שווייגעניש איבערן גאַנצן צימער, וואו ס'איז געזעסן די אסיפה, די נאָנטערע האבן געקוקט אויף די קאַפּיקע עפּעס ווי צעמישטע, יונגע לייט האבן אויסגעצויגן די קעפּ צו דערזען כאָטש פון ווייטנס די קאַפּיקע, גלייך ווי זיי וואָלטן נאָך קיינמאל ניט געזען א צורת מטבע אין די אויגן.

צולעצט האט זיך ווידער אָנגערופן דער רב און געזאָגט:

— א נותר, זאָגט איר, רב מנשה=מענדל? אוודאי זייט איר גערעכט, א נותר איז א נותר, נאָר אפשר האט איר זיך טועה געווען, רב מנשה=מענדל? אין א חשבון מאַכט זיך אַמאָל פאַרשטייט איר מיך, א טעות...

— א טעות! א טעות! אוודאי א טעות!! — האבן זיך דערהערט קולות פון אַלע זייטן, — נאָט אייך אין מיטן דרינען אַן אַסטאַטאָק! באַם פּאַדריאַטשיק אַן אַסטאַטאָק! ..

— ס'איז באמנות א קומעדיע מיט אידן! — האט זיך צעבייזערט מנשה=מענדל: — פּשוט אַן אַקט. ווי איך בין א איד!.. פּאָר א יאָרן באַם חשבון, ווען איך האב מודיע געווען, אַז עס פעלט געלט צו דער פּאָסטראָיקע, האט דער עולם געליאַרעמט: „ס'א ליגן, ס'א ליגן, ס'מוז נאָך זיין אַן אַסטאַטאָק לכל=הפּחות ק'ן רובל"... וואָס? אפשר ניט אמת? און איצט, אַז איך זאָג אַליין, ס'איז דא א נותר און לייג אים אַרויס א מזומנעס, איז נאָט אייך אַקוראַט קאַפּויער...

— רב מנשה=מענדל — האט זיך דא אַריינגעמישט דער רבי: — איך בעט אייך טויזנט מאָל מחילה... מילא

וואס, יונגע לייט, נארן, ווי פארשטייען אליין ניט וואס זיי ריידן... עס, נעמט זיך ניט צום הארצן... דער עיקר איז דא ניט דער חשבון — די קאפיקע איז דער עיקר, ווארום איר פארשטייט...

און דא האט זיך דער רב ווידער געווענדט צו דער אסיפה!

— רבותים, — האט ער געזאָגט — בעונותינו הרבים איז, ווי עס זעט אוים, נאך ניט געקומען די צייט, אז מיר, אידן, זאלן דער־לייזט ווערן, משיח קען נאך ניט קומען, ווייל דאס וואס די גמרא זאגט איז בא אונז ניט מקוים געווארן, — בא קהל, ווי איר זעט, איז נאך דא געלט...

רבי — האט זיך אנגערופן איינער פון די בעלי־בתים, א איד א חכם, אין די פריערדיקע יארן דער ערשטער בעל־עצה אין אלע קהל'שע זאכן: רבי, האט ער געזאגט, מילא, דארף מען באקלערן דעם ענין און געבן זיך אן עצה.

— אדרבא — האָט געענטפערט דער רב — זאגט איר, רב קלמן, וואס זאל מען טאן?

רב קלמן איז געזעסן פארטראַכט א פאָר מינוט און צולעצט האט ער אזוי געזאגט:

— רבי, איך מיין, אז די קאָפיקע זאל מען ארייננווארפן אין טייך.

— אין טייך — האט זיך דערהערט צווישן די יונגע לייט — איר הערט, ער זאגט: ארייננווארפן אין טייך...

— שאַ! שאַ! האט אויסגערופן דער רב — שווייגט, יונגע לייט, לאזט ריידן... מ־מ־ע... און וואס מיינט איר וועגן דעם, רב־שלמה, רב אברהם־בער, רבי מרדכי...

רב שלמה, א איד א למדן, האט פארנומען די האנט אין בארד, א הופט געטאן און געזאָגט:

— אין טייך? ניין, אין טייך ניט. ווארום ראשית, איז דאס פשוט עובר זיין אף בעל־תשחית, און צווייטנס, איז דאס גלאַט קיין פלאַן ניט: די קאָפּיקע קאָן איינשלינגען א העכט און ווער ניט איז פון אונז זאל אקוראַט דעם העכט אדער אליין כאפּן, אדער קויפן און ווידער טאקע באקומען די אייגענע קאפּיקע, אלא וואָס? מיר זיינען ניט קיין פישער און קויפן וועלן מיר אויך ניט, ווארום ס'איז קיין געלט ניטאָ, אמת, נאר פאר גאט איז דאך אבער ניטא קיין אוממעגלעכקייט... בכן איז מיין עצה: היות, אזוי ווי פּטור צו ווערן פון די קאפּיקע דארף מען כדי צו מקרב זיין גאולה, איז די עבירה פון בעל־תשחית שוין ניט אזוי גרויס און אזוי ווי אין טייך ווארפן איז קיין פלאַן ניט, זאל מען די קאָפּיקע בעסער אריינווארפן אין מקוה. אין מקוה כאפּט מען קיין פיש ניט און חוץ דעם איז דארט אפן גרונט אזא טיפע און געדיכטע בלאָטע, אז די קאפּיקע וועט אין איר איינזונקען ווערן אף אויביק.

— יאָ! יאָ! אט דאס איז טאקע א פּלאַן — האבן זיך דערהערט קולות ארום.

— ניין, ליבע אידן, דאס איז גאר קיין פּלאַן ניט!— האט זיך אנגערופן רב מרדכי יאנעווער, א איד א משכיל, שוין א יאר פופצן בליוסטיטעל אין תלמוד־תורה: דאס איז קיין פלאַן ניט — נעמען קהל'שע געלט און ווארפן אין בלאָטע. בעסער אט וואס: שוין א יאר צען אז אין תלמוד־תורה קאפּעט דורך דער סטעליע ווייל אין דאך זיינען עטלעכע לעכער. איז וואלט זיין א יושר, אז די קאָפּיקע זאל מען אסיגנירן אף רעמאָנט אין דער תלמוד־תורה. ווי מיינט איר, הער גלאָזמאן?

רב שלמה גלאָזמאַן, דער קאַזנאַטשעי פון דער גרויסער שול אין שמוינעוּוקע, האט זיך א גלעט געטאָן דאס סיווע בערדל און געזאָגט:

— אודאי, רב מרדכי, זייט איר גערעכט. די תלמוד־תורה דארף טאקע רעמאָנט און ס׳וואלט טאקע בפירוש זיין א יושר... נאר ניט איצט. ווארום אז באלד משיח וועט קומען, וועלן מיר דאך מער ניט דארפן דא קיין תלמוד־תורה. אמת טאקע מ׳וועט ניט דארפן קיין בתי־מדרשים און קיין שולן אויך ניט. נאר צווישן א תלמוד־תורה און א בית־מדרש איז א גרויסער חילוק! א תלמוד־תורה איז דאך ניט מער ווי אן אוטשילישטשע, א שקאָלע, נאר אפן אידישן אַרט, א שול אבער, א בית־מדרש איז א מקום קדוש. אין תלמוד־תורה, זאגט איר, קאַפּעט דורך דער סטעליע. נו, און אין שול בא אונז קאַפּעט דען ניט? בא אייך איז אין דאך דריי לעכער און בא אונז אין שול איז דרייצן. מיר וועלן טאקע, אז אם ירצה־השם משיח וועט קומען, ניט מיטנעמען מיט זיך ניט די תלמוד־תורה, ניט די שול. אבער איבערלאָזן דא א שול, א מקום קדוש, מיט לעכער — איז א חלול־השם. בכן איז מיין עצה, אז די קאָפּיקע זאל מען אסיגנירן אף רעמאָנט אין אונזער שול — עס זאל חס־ושלום קיין חלול השם ניט זיין...

חילול השם זאגט איר? — האט זיך דא ארויסגעכאַפּט מיט א קוויטש רב גרשון טשוואַק, דער גבאי פון חברה קדישא: — חילול השם, רב שמואל? ניין, לאזט מיך ריידן... א שול איז אודאי א מקום־קדוש און איז פיל גרעסער פון א תלמוד־תורה. נו, און א בית־עלמן? הא? דער רב זאָגט: משיח וועט קומען. גוט. וועלן מיר ארויסנעמען פון שול די ספרי־תורה׳ס, די מנורה פון עמוד, די הייגנגלייכטער, די פּרוכת׳ן, דעם כיור, אפילו אלע שמות פון אונטער דער בימה אויסראַמען, איז בלייבן נאר פיר ווענט מיט א פּאָקרישקע; דער בית־עלמן אבער מיט די

קברים און מיט די מצבה׳ס וועט דאך בלייבן דא אינגאנצן, היינט זאגט, רבותים, אז אָט איז שוין צוואנציק יאר אז דער בית־עלמן שטייט כמעט גאר אָן אַ פּאַרקאַן און חזירים, בהמות און פערד גייען זיך אַרום צווישן די מצבה׳ס און פּאַרגאַדיען די קברים, איז דאס ניט אַ חלול־השם? און וואלט דען ניט זיין אַ יושר, אז מען זאל די קאָפּיקע אוועקגעבן אף אַ פּאַרקאַן צום בית־עלמן, דער בית־עלמן איז בילכער פון אַ שול, און חוץ דעם האבן אונזערע בתי־מדרשים דאָכאָד מער פונ׳ם בית־עלמן...

— דאָכאָד — זאָגט איר? — דאָכאָד?! — האט זיך אופגעכאפּט גלאָזמאן: — ווי הייסט? מיר גיבן דען ניט אָפּ חשבון פון יעדער קאָפּיקע?

— און פון ראַסכאָד אף תיקון אויך? — האט זיך דא דערהערט מיט אַ געלעכטערל פון צווישן דער יונגער חברה.

— האַ וואָס? אף תיקון? — האט זיך צעשריען גלאָזמאן: — און חברה־קדישא, די שכורים, די פּיאַניצעס! פון זיי נעמט איר דען אפּ ווען ניט איז אָטשאָט?...

— הער גלאזמאן! איך בעט אייך איינהאַלטן אביסל די צונג! — האט אַ קוויטש געטאן רב גרשון טשוואק,— בעסער זאמשעפּעט זיך ניט, ווארום...

רבותים! רבותים! — האט זיך אַ כאפּ געטאן דער רב — איך בעט אייך .. גוואלד, בעלי־בתים... אידן...

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

## II

אין דעם זעלביקן אוונט בשעת פּאַם שמוינעוואָקער רב איז געזעסן די אסיפה, איז געקומען צו משיח׳ן אַ

שליח מן השמים און האט אים געגעבן צו וויסן, אז אזוי און אזוי: אין א שטעטל מיטן נאמען שמוינעוויקע איז בא אידן ניט געבליבן קיין איינציקע קאפיקע. איין קאפיקע א קהל'שע איז אפילו נאך דא, נאר דארט זיצט באם רב אן אסיפה און מען וועט זיך שוין בוראי אן עצה געבן, וואס צו טאן מיט דער קאפיקע, — אידן זאלן לעבן מאכן א תל פון קהל'שע הונדערטער און טויזנטער, וועט איבער א קאפיקע שוין מן-הסתם קיין עיכוב ניט זיין, בכן מוז דאך מקוים ווערן וואס די גמרא זאגט וועגן ביאת-המשיח.

— קיין איינציקע קאפיקע? — האט זיך אנגערופן פארוואונדערט משיח, — היתכן? ווי געשיקט זיך, אז בא אידן זאל ניט בלייבן אפילו א קאפיקע? ובפרט בא היינטיקע אידן, וואס פאר א קאפיקע זיינען זיי גרייט אויסרייסן איינער באם אנדערן בארד און פאות און פאר א רובל פארקויפן אין אייגענעם טאטן... בלייבט דאך די קשיא, ווי אזוי האט דאס געקאנט פאסירן, אז א גאנצע קהילה קדושה זאל אזוי פאראַרמט ווערן? נאר פאר דעם בורא-עולם איז דאך ניטא קיין אוממעגלעכקייט און וואס די גמרא זאגט מוז דאך מקוים ווערן, — בכן דארף מען פארן.

משיח האט געהייסן ארויספירן פון שטאל דאס ווייסע אייזל און צוגרייטן דעם שופר.

דאס אייזל, וואס איז אפגעשטאנען אין שטאל כמה הונדערט יארן, איז געווען באדעקט מיט שמוץ און מיט שטויב, אזוי, אז מען האט אים קוים אפגעוואשן און אפגעפוצט. דער שופר איז אויך פארשטויבט געווען און מען האט אים א גאנצע שעה געדארפט ווייקן אין עסיק. און גאנץ נאטירלעך: זעענדיק און הערנדיק אלץ וואס טוט זיך בא אידן האט משיח גאר ניט געקענט קלערן, אז ער זאל אין גיכן דארפן פארן צו דערלייזן דאס פאלק ישראל. מילא, עס זאל ניט בלייבן בא אידן אפילו א קאפיקע פון

דעם איז דאך ניט געווען וואס צו קלערן, חוץ דעם, ווי איר געדיינקט דאך, ברייננט די גמרא נאך א סימן אף משיח׳ס צייטן: דור שכולו זכאי או שכלו חיב. — מילא פון צדיקים איז דאך ניטא וואס צו ריידן: שיינע צדיקים מישטיינס געזאגט זיינען איצט דא בא אידן... בלייבט דער בטחון אף כולו חיב; ס׳הייסט: אז אלע זאלן ווערן רשעים, אפיקורסים, נאר זאגט מיר, איך בעט אייך, קאנט איר היינטיקע אפיקורסים? ווייסט דען א היינטיקער איד, וואס הייסט זיין אן אפיקורס? אמאל, זעט איר, פארצייטן, זיינען געווען אפיקורסים טאקע וואס אפיקורסים הייסט. א פאר־צייטיקער אפיקורס פלעגט כמה יארן לערנען זיך צו זיין אן אפיקורס. לכתחילה איז דאס געווען א יונגער מאן מיט א גוט, שארף קעפל צום לערנען, פלעגט בחור־ווייז זיצן אין קלויז און דערנאך בא שווער און שוויגער אף קעסט און לערנען — די פרויען־פראגע פון מסכת יבמות; ארכי־טעקטור פון מסכת עירובין; פראוואזשיטעלסטווא פון גושן מיט די ערי מקלט—, בכלל לערנען, לערנען און לערנען. — דערנאך פלעגט צו אים ארייפאלן א השכלה־ביכל, א טרייף־פסול מיט קורצע אדער לאנגע שורה׳לעך; דערנאך פלעגט דער שווארץ־יאר ברייננען א לערער פון קאזיאנע אוטשילישטשע, א גימנאזיסט, א בלאט „הלבנון״, א ביכל „השחר״, צו שפעטערע יארן — א נומער „המליץ״, „הצפירה״; איינס מיט אנדערן, באם יונגערמאנטשיק פלעגט ווערן אין קאפ א רעש, א מהומה, א פינסטערניש, ניט פאר אייך געדאכט, ווי בשעת ליקוי־חמה, און ביסלעכווייז פלעגט זיך אויסבילדן פון דעם געוועזענעם זיידענעם יונ־גערמאן א פארמענער אפיקירס מיט אלע שמד׳שטיק, מיט ווילדע קשיות, מיט פינסטערע פירושים׳לעך, למשל מיט אזא טייטש אף „לא תבערו״ אז עס פלעגט אויסקומען, אז רויכן אום שבת איז כמעט א מצוה... אט מיט אזא אפיקורס פלעגן זיך מלאכים ראנגלען און אים ניט בייקו־מען; אזא אפיקורס פלעגט דעם מלאך־המות אליין שטעלן

א פייג און שטאַרבן א מיתה־משונה טאַקע אָן תשובה און אָן ווידוי. זעט איר. ווען עס זאָל ווערן א גאַנצער דור אַזעלכע אפיקורסים, וואָלט שוין משיח קיין ברירה ניט געהאַט און וואָלט געמוזט קומען. וואָס אָבער זעט מען בײַ איצטיקע אפיקורסים? — אידן פאָרן און רויכן אום שבת — פאַסטן ניט אפילו יום־כפור, עסן טרפות. פּראָוואָס־זשע פרעגט אַזאַ אפיקורס:

— פאַר וואָס רויכסטו אום שבת?

— ווייל איך וויל רויכן, — ווערט ער אייך ענטפערן.

— למאַי פאָרסטו?

— ווייל איך וויל ניט גיין צופוס.

— למאַי פאַסטו ניט יום־כפור?

— ווייל איך וויל עסן.

קורץ און גוט, אָן פּירושים; וואָרום כאַפּט אים אָן, קאָן ער אפילו קיין עברי ניט און האָט שוין א"ב פאַרגעסן. אָט דאָס קאַלטבלוטיקייט צו גאָט, צו דער אמונה, צו דעם חוב וואָס עס ליגט אויף יעדן מענטשן צו גלויבן אין וואָס ניט איז פאַר א גאָט, אָבער דאָך גלויבן טיף און ערנסט — אָט פון וואָס באַשטייט א היינטיקער אפיקורס. א פאַרצייטיקער אפיקורס פלעגט עסן טרפות לשם השכלה; און אַז אין פּעטערבורג איז געוואָרן א חברה „מפיצי השכלה" פלעגט ער די לעצטע צען רובל אַוועקשיקן אַהין א נדבה און צונויפקלייבן בײַ אַנדערע וויפיל נאָר ס'איז מעגלעך געווען נדבות פאַר דער חברה. און א איצטיקער אפיקורס? איבעראַל איז דאָס א גראָבער יונג, וואָס האָט אפילו ניט געהערט פון דעם וואָרט השכלה און אויב דאָס איז א מענטש א געבילדעטער מיט א דיפּלאָם — איז וואָס טוט ער? זייענדיק א סטודענט נעמט ער אַליין נדבות, לערנט, עסט און טרינקט אויף דעם ,ובר'ס חשבון און דער־

נאך ווערנדיק אַן אַדוואָקאַט, א דאקטאר, א אינזשענער און פארדינענדיק הונדערטער און טויזנטער, דערמאָנט ער זיך אפילו ניט אף דעם ברויט און זאַלץ, מיט וועלכע עס האט אים געהאָדעוועט די השכלה און אז מען דערמאנט אים, מאכט ער זיך תם׳עוואטע, און אז אין צען יאר ארום דערמאנט מען אים, אז בא דער חברה זיינען נאך גאַנץ זיינע ראָספיסקעס, ענטפערט ער, אז צען יאָר איז א זעמסקע דאַוונאָסט און די ראַספיסקעס זיינען שוין בטול געווארן און גייט לאדט אים צום ונתנה תוקף...

אט דאס, זעט איר, א״ז שוין אזא מיני אפקורסים וואס אפילו די שדים אין גיהנם וועט נמאס ומאוס זיין צו פאַטשקן זיך מיט זיי, און פאר משיח׳ן טויגן זיי בוראַי אף כפרות...

בלייבט בכן די ערשטע פרימעטאַ אף משיח׳ס צייטן. שתכלה פרוטה מן הכים — עס זאל ניט בלייבן א קאָ־פיקע אין קעשענע: אוים געלט, אוים אידישע גבירים, אידישע בעלי־נדבות, וועלכע גאט אליין נעבעך דאַרף צאָלן וואָכער מיט פראָצענט פון פעטע עליות, שטעט באם מזרח־וואנט, אתה־הראת׳ס, ערשטע הקפות, ליאַרעמדיקע מי שברך׳ס און הייסע, פריש צאַפלדיקע אל מלא רחמים׳ס מיט א הספד פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער... אוים כבוד, אוים יחום, אוים געלט און אוים בלוט... און הערט, איך בעט אייך, דאס איז שוין טאקע מקוים געווארן אף דער וועלט, און וואו? אין שמוינעווקע . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

# III

שנעל ווי אַן אדלער איז געפלויגן רייטנדיק אפן שיינעם ווייסן אייזל דער גואל־צדק, וואַלד־אוים, וואלד איין האט זיך געצויגן דער לאנגער, לאַנגער וועג, און זים ווי די שטימע פון א פידל האט געקלונגען משיח׳ס קול מיט

די ווערטער פון דעם ליבן קאפיטל „בשוב ה׳, את שיבת ציון״.

— שיר המעלות —

האט געזונגען משיח:

אז גאט וועט אומקערן דאס געפאנגעניש
פון ציון, וועלן מיר זיין ווי אין חלום;
דעמאלט וועלן אונזערע לעפצן זיין פול מיט פרייד
און אונזער צונג — מיט געזאנג;
דעמאלט וועט מען זאגן צווישן די פעלקער:
גרויסע וואונדער האט גאט געטאן מיט זיי!
גרויסע וואונדער האט גאט געטאן מיט אונז און
מיר וועלן זיך פרייען:
קער אוים, גאט, אונזערע געפאנגענע, אזוי ווי
שטראמען אין דרום-זייט;
די וועלכע האבן געזייגט מיט טרערן, וועלן
שניידן מיט פרייד;
דער, וואס האט וויינענדיק געטראגן די קערנער, וועט
זיך אומקערן מיט געזאנג טראגנדיק די גארבן.

———

הויך און פריי, זיס און ליב האט זיך געגאסן משיח׳ס קול איבער די בערג און טאלן, וועלדער און פעלדער, טייכן און אפגרונטן... מיט פורכט און מיט פרייד האבן זיך געצויגן צו אים

דער הימל, די שטערן,
דער בארג און דער טאל,
צו פילן, צו הערן
זיין געטלעכן קול...

וואלד אוים, וואלד איין האט זיך געצויגן דער גרויסער לאנגער וועג, און וואס ווייטער איז אלץ ליכטיקער און ליכטיקער געווארן משיח׳ס פנים ביז ער איז געקומען אין שמוינעוועקע...

און בשעת ער איז אריינגעפארן אין שמוינעווקע, האט זיך שוין דאָרט די אסיפה געענדיקט און טאקע אזוי ווי עס דארף צו זיין: אידן האבן געריסן איינער באם אנדערן באָרד און פאות, פייערדיקע קלעפּ, געבראָטענע פעטש, קללות און חרמות האבן זיך געשאטן ווי באָב...

איינער האט געשריען: „אף דער תלמוד־תורה!"

דער אנדערער: — „אף דער שול!"...

דער דריטער: — „אפן בית־עלמן!"...

דער פירטער, דער פינפטער האבן אונטערגעהאלפן דעם ערשטן און דעם צווייטן... און העכער פון אלע קולות זיינען געגאנגען א געשריי פון ווייבער און א ביטע־רער געוויין פון קליינע קינדער... די גאס איז געגאנגען כאָראָדאָם און די ערד האט געציטערט...

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

„— ניין — האט געזאגט משיח — איך בין גע־קומען צו פרי"...

ער האט אומגעקערט דאס אייזל און איז אוועק צוריק...

---

# א קלאָרע תשובה *)

## אַ בריוועלע צום רעדאקטאָר.

גערטער הער רעדאקטאר!

דעם דאזיקן בריוול האט מיר צוגעשיקט א באַ־קאנטער יונגערמאן מק״ק שמוינעווקע, א בחורל א לייטיש קינד, מיט א בקשה דורכלייענען עס און זאגן מיין מיינונג. „אַז עס איז גוט — שרייבט ער — ווייס איך אפילו אליין, און אף גוטעס דארף מען קיין מבין נים, נאר וואס אַרט מיך — זאגט ער — אז עס וועט זיין אף דעם אויך אייער הסכמה?״

אודאי טאקע, וואס זאל עס אים ארן?..

אט דאס איז דאס בריוול:

ליבער הער רעדאקטאָר!

די וועלט זאגט א ווערטל... „וואס עס וועט זיין מיט כל ישראל לאז זיין מיט רב ישראל״. איך ברייננ עס אַקעגן דעם, וואס אז קיין עין־הרע 40.000 אידן (איך רעכן דאס די אבאנענטן פון „יוד״ — און אף מער לאז אייך גאט העלפן!) וועלן זיך אוועקזעצן שרייבן אן ענטפער

*) אין יאר 1900 האט דער «יוד» געהאט פאַנאַנדערגעשיקט זיינע אַבאָנענטן פאָלגנדע פראַגן: 1) ווי אלט זייט איר? 2) וואָס איז אייער באַ־שעפטיקונג? 3) וואו האָט איר זיך געלערנט? 4) וויפיל מענטשן לייענען אייער עקזעמפליאַר «יוד» אויסער אייך? 5) לייענט איר אויך אַנדערע זשאַר־גאָנישע ווערק? 6) לייענט איר העברייאישע צייטונגען אָדער ביכער? 7) לייענט איר אויך צייטונגען און ביכער אין אַנדערע שפראַכן און אין וועלכע? 8) וועלכע אָפטיילונג פון «יוד» געפעלט אייך?

אף די „פראגן", וואס איר האט צוגעשיקט מיטן נומער 26, טא מיט וואס בין איך דאס ערגער פון אנדערע? ובפרט אז שרייבן קען איך, צייט האב איך און שרייבן ווילט זיך. אלא וואס? דער לשון, די מליצה איז בא מיר אפשר ניט אזוי קונציק, טא זייט איר דאך א רעדאקטאָר, נעמט (קרעפּלעך זאלט איר עסן!) א פען אין האנט, מעקט אויס, שרייבט צו, מאכט איבער ווי אייך געפעלט, עס מעג אפילו א ווארט נישט בלייבן פון דעם, וואס איך האב אנגעשריבן, אבי נאר די חתימה מיינע, די חתימה, פאר־שטייט איר מיך, זאל בלייבן אינגאנצן, ווארום איר ווייסט דאך, אז פאר אונז, פארן רוב זשארגאָנישע מחברים, איז דער עיקר הדבר נאר די חתימה, דער נאמען זאל זיין געדרוקט, און טייערער פון אלץ איז דאָס בא אונז, שמוי־נעוקער פאָעטן, מחמת וואס אייגנטלעך דארף מען צו פאָעזיע? גראַמען: טויט — ברויט, קנעפל — קעפל, אימה — בהמה, פליגן — ציגן... עס שיט זיך ווי באָב, און עס ווילט זיך גאר ניט אופהערן צו שיטן, ווען עס וואלט ניט שטיין אונטן די חתימה: אונטערגעשריבן זיך און א סוף — דער זאק מיטן באָב מאכט זיך צונויף ביזן צווייטן מאל, און אזוי גייט עס ווי אַ מזמור בא היינטיקע פאָעטן...

נאר ניט דאס בין איך אויסן, איך האב דאך אנגע־הויבן וועגן די פראגן אייערע און אף אייניקע פון זיי וועל איך ענטפערן נאך מיין פארשטאנד נאך, טייל אין גראַמען, טייל אף פראָסט־אידיש, קיין גרויסע נייעס וועל איך דאָ ניט אופטאָן, דאס וואס איך האב צו זאגן זיינען גאנץ אלטע זאכן, נאר כדי מען זאל זיי ניט פארגעסן, איז כדאי צייטנווייז איבערצוחזר'ן און דערמאָנען זיי יענע אונזערע אידעלעך, זאלן לעבן, וועלכע האבן אף אזוינע זאכן א קורצן זכרון...

* *
*

די ערשטע פראגע אייערע איז:

— „ווי אלט זייט איר?״

וואס זאל איך אייך אף דעם ענטפערן?

* * *

ווי אלט איך בין — דאס וויסן קלאר
קען, דוכט זיך מיר, ניט קיינער:
מען זאגט — כמעט דריי טויזנט יאר
נאר דאס מוז זיין א טעות גאר,
און טאקע ניט א קליינער...

יא, אמת, אפט בין איך אי בלינד,
אי טויב — אן עכטער זקן
וואס אים קען גובר זיין א קינד,
און פאר א רעגן, פאר א ווינט
באהאלט ער זיך דערשראקן.

איך פיל אין זיך קיין טראפן בלוט
און קיין געזונטן אבר;
פארלארן גלויבן, קראפט און מוט —
פארשטייו נאר איינס, ווי זיס און גוט
עס איז דער שלאף אין קבר...

נאר צייטנווייז דערפיל איך גאר
אין זיך א זיילע, א נייע...
אוים קראנקע ברוסט! אוים גראָע האר
די ערד ווערט גרין, דער הימל קלאר,
דאס לעבן א מחיה...

איך בין א קינד און בין א העלד:
איך פיל אין יענע צייטן —
ניטא קיין איינציקס אף דער וועלט
פאר מיר פארבאָרגן און פארשטעלט
איך זאל מיט דעם ניט שטרייטן.

און אלע צרות גובר זיין
זאל גאט מיר ניט באשערן...
אזוי אט לעב איך שיין און פיין —
פון קאפ ביז פיס אין לייד און פיין,
אין גאנצע טייכן טרערן.

נאר רואיק זיין מיט הארץ און זין
און פילן אז א מ ע נ ט ש איך בין
ווי אלע כאטש א ווײַלע;
דאס קען איך ניט, מיין ליבער פריינט!..

טא וויפיל זאל איך אלט זיין היינט?
פרואווט, ענטפערט אף דער שאלה...

ווייטער מיין ליבער הער פרעגט איר:

„— וואו האט איר געלערנט?"

וואו האב איך זיך געלערנט? — אך,
צוויי טויזנט יאר כסדר
טראָג איך אף זיך דעם גרויסן יאָך
פון לערנען, חזר'ן... און נאָך
ביז איצט גיי איך אין חדר...

מלמדים האב איך אלערליי...
דערמאָנענדיק-זיך נאר אף זיי
פארכאַפּט מיר אזש דער אטעם...
צוויי טויזנט יאר אז אן אַ שעור
צוויי סדרות לערנען זיי מיט מיר —
אוי! „בלק" און „משפטים"!..

וואס אָפּגעקאָסט האט רבי-געלט
און ווי מען האט געשמיסן
בארעכנען—נעמט מיר דורך א קעלט...
ניטא דער קאַנטשיק אף דער וועלט

וואס כ׳זאל זיין מעם ניט וויסן!...
געוווּנג געכאַפּט אי קלעפּ, אי שמיץ,
געוווּנג געפּילט אי קעלט, אי היץ
און צרות אָנגעקליבן...
געוווּנג געקנעלט מיט מיר, — און דאך
א חדר־אינגל בּין איך נאָך
בּיז איצט, בּיז איצט געבּליבּן!...

ניט געקלערט און ניט געטראַכט —
וואלט איך הערן טאג און נאַכט
בּבא־מעשות, לידלעך
פון דער ווייסער ציגעלע
הינטער אונזער וויגעלע,
פון די רויטע אידלעך...

זיסע מעשות אָן א צאל
פון משיח׳ס צייטן,
ווען מיר וועלן אויך אמאל
ווערן גלייך צו לייטן, —

וועלן טרינקען זיסן וויין;
רענדלעך וועלן אונז אריין
טויזנט גלייך אין בּייטל...
און אזוי־אָט גייט עס — אָך! —
בּיז איך כאַפּ א גוטן שמאָך
פון דעם רבּי׳ס טייטל...

נאר גאר נישט — עס גייט אָפּ מיט ווייטאַק, און איך גיי ווייטער אין חדר... אַ סימן, אז איך האב זיך נאך ניט געווּנג אויסגעלערנט, און גאט מסתמא ווייסט וואס ער טוט...

* * *

נאך אף אַ פראגע אייערע וואלט איך געוואלט ענטפערן.

איר פרעגט:
„וואס איז אייער באשעפטיקונג?"

מיט וואס באשעפטיק איך זיך? — עט,
א שאלה כ'לעבן!.. קלוג גערעדט.
פרעגט בעסער: מיט וואס ניט?
בא מיר אין קרעמל קאכט און זידט, —
א האַנדל — א יריד!

בא מיר באקומט איר מעל און באָב,
א לולב מיט א טשאָלנט־טאָפּ,
א פאן אף שמחת־תורה, —
און אלץ די בעסטע סחורה...

דער קאָפּ פארדרייט...
איך בלייב אָן הענט...
דער האנדל גייט,
דער האנדל ברענט —
מיט פעך,
מיט בלעך,
מיט האָלץ,
מיט פויגל־מילך, מיט יקנה"ז,
מיט צוועקעס, מיט קמעות,
וואס העלפן באלד צו וואס איר ווילט,
סיי אפגעבריט און סיי פאַרקילט, —
איך שווער בא באָרד און פאות!..

וואס ווילט איר נאך? אויך האנדל איך
מיט בשמים, מיט חליצה־שיך,
מחזורים און סדורים
און גרייגערעס אף פורים,
מיט זאלץ,
מיט שמאַלץ,

מיט ווינט, מיט רויך
און מיט אתרוגים אויך,

מיט ווייז,
מיט לייז,
מיט חאקס,
מיט פלאקס,
מיט אלע מינים תבואות,
מיט פרישע גרינס אף שבועות.

בא מיר באקומט איר עסיק, טיי,
טלתים־קטנים אלערליי
און זייף, און יארמלקעס, און היי,
און אויב איר ווילט — הבדלות
לאנגע ווי דער גלות...
א כלל — איך טאַפּ
און זוך און כאַפּ,
און דרעש און מאָל,
און פּרואוו און קלייב;
און שטארב דריי מאל
מיט קינד און ווייב
אין קריינק, אין פּלאָג,
אין נויט, אין קלאג
פאר הונגער יעדן טאג...

— — — — — — — —

* * *

נאָר דאס איז דאך — וועט איר זאגן — נאר מליצה פּאעזיע, און איר, הער רעדאקטאר, דארפט נאך סטאַטיס־טיק; איר זייט טאקע גערעכט, און איך וועל געבן סטאַ־טיסטיק אויך.

די פירטע פראגע איערע איז: „ווי פיל מענטשן לייענען אייער עקזעמפּליאר „יוד" אויסער אייך?"

אויסער מיך און אונזער גאנץ הויז־געזינד־ל זאל לעבן לייענען מיין „יוד" דריי היגע, ד. ה. שמוינעווקער אידן: אונזער פּאדריאטשיק, אונזער אַפּטייקער און אונזער ראבינער.

דער פּאדריאַטשיק שרייבט אויס די „גובערנסקיאַ וועדאמאסטי", ווייל זיי זיינען אים נויטיק צו טאָרגעס און פּאָדריאדן; חוץ דעם שרייבט ער אויס אונזער שמוינעווקער רוסישע גאַזעט אויך, מחמת ער איז באקאנט מיט דעם רעדאקטאר און שפּילט מיט אים אין קלוב אין קארטן, איז אים — זאגט ער -- שווער אויסצושרייבן נאך א דריטע צייטונג, עס וועט דאך אָפּקאסטן א יאר מי יודע וויפיל!— נאר לייענען איז ער א בעלן, שיקט ער צו מיר יעדע וואך אנטלייען דעם נומער.

דער אַפּטייקער וואלט אפילו אליין אויסגעשריבן דעם „יוד", נאר די מניעה איז, וואס דא ניט לאנג האט ער גענומען צו זיינע צוויי פּאַניצלעך א גאָווערנאנטקע, א קריסטלעכע, און כאטש — זאגט ער — זי מוז וויסן. אז ער איז א איד, דאך פּאסט ניט — זאגט ער — אז אין אַזאַ הויז זאל אָנקומען א אידישע גאזעט, שיקט ער צו מיר זיינעם אַן „אַפּטעקארסקי אוטשעניק", א אידיש אינגל, און נעמט בא מיר איין עקזעמפּליאר.

דער ראבינער אונזערער וועט — ווי ער זאגט — אין א יאר צוויי־דריי ארום איה"ש אליין אויסשרייבן אייער צייטונג און דערווייל נעמט ער דעם „יוד" בא מיר, מחמת — איך וועל אייך זאגן בסוד — ער לערנט זיך נאך ערשט לייענען... ער איז, פארשטייט איר מיך, פון די נייע, פון די היינטיקע ראבינערלעך...

אויסער די דריי באנוצט דעם „יוד" נאך איינער אונזערער א שמוינעוועקער, רב כתריאל=בער פאבריקאנט (ער פאבריצירט טרוקענע הייוון). אליין לייענען, זאגט ער, האט ער קיין צייט נישט, נאר הערן נייעס פון א גאזעט האט ער ליב און איבערהויפט אינטערעסירט ער זיך מיט פאָלי= טיקע, למשל, וואס טראכט וועגן א מלחמה דער פראנצויז? וואס וועט טאָן דער גרעק, און וואס הערט זיך מיט טערק? מען זאגט — ער הויבט זיך? און נאך אזעלכע שפיציקע ענינים פון פאליטיקע...

* * *

אלזא, ליבער הער רעדאקטאָר, אט האט איר א קלארע תשובה אף פיר פון אייערע „פראגן". די איבריקע פיר זיינען אפשר אויך טאקע גאנץ וויכטיקע, נאר ווייסט איר וואס איך וועל אייך זאגן? א טאַטע, אז מען פרעגט אים פיר קשיות, ענטפערט ער זיי אָפּ מיט איין תירוץ, איך האב אף אייערע אכט פראגן געגעבן פיר ענטפערס: על פי הגדה האב איך שוין בודאי יוצא געווען, און אויסער דעם ווייסט איר דאך אליין, אז קוק זיך נאר אביסל ארום אין אונזער אידיש וועלטל, הויבן=אָן צו קריכן אין קאָפּ אריין טויזנטער שאלות און קשיות, ווי למשל: גוואלד, וואס איז דאס? וואס זיינען דאס פאר משונה=ווילדע זאכן? וואס פאר מיני רייד, גיינג, אָנשטעלן, חניפה'לעך, הינטער= פיסלעך, אויבער=הספרות, קינדער שפיל, רייסעניש און בייסעניש, וויסטע בטחונות, פינסטערע גליקן, ביטערע נחמות?.. אין נאך טויזנט און מיליאנען שאלות, אף וועלכע עס איז דא נאר איין תירוץ: „עבדים היינו"...

און דער תירוץ, ווי איר זעט, פאַסט טאַקע זייער גוט ניט נאר צו דער הגדה אליין, נאר אויך אף אלע

נעכט פון א גאנץ יאר, אף אלע פינסטערע נעכט פון אונזער אומעטיקן לעבן.,

פון מיר אייער אבאָנענט

**שמואל חינקע־פריידעס באבראוועה.**

שמוינעוועקע.

# אינהאלטס־פארצייכניש.

זייט



## ראמאנטישע און לירישע לידער



## קריטישע לידער



## פראזא